# איוב. שיר השירים.
# רות. קהלת.

איבערזעצט פון

יהואש

# איוב, שיר השירים, רות, קהלת

איבערזעצט פון

יהואש




---

ארויסגעגעבען פון
פערלאג „יהואש“
ניו יאָרק

# JOB, SONG OF SONGS, RUTH AND ECCLESIASTES

Translated into Yiddish

BY

YEHOASH

Yehoash Publication Society
New York
1910

# איוב

---

קאפיטעל א.

1 עס איז געווען אַ מאַן אין דעם לאַנד עוץ. איוב איז
געווען זיין נאָמען. און דער דאָזיגער מאַן איז געווען
ריין און עהרליך און גאָטספאָרכטיג און אָפּגעקעהרט
פון שלעכטס.
2 און ביי איהם זיינען געבאָרען געוואָרען זיבען זיהן
און דריי טעכטער.
3 און זיין פאַרמעגען איז געוועזען: זיבען טויזענד שעפּ־
סען און דריי טויזענד קעמלען און פינף הונדערט
געשפּאַן רינדער און פינף הונדערט עזעלינען און פיעל
באַדיענטע, און דער מאַן איז געווען רייכער פאַר אַלע
קינדער פון מאָרגענלאַנד.
4 און זיינע זיהן פלעגען געהן און מאַכען אַ מאָהלצייט, ביי
איטליכען אין זיין באַשטימטען טאָג, און זיי פלעגען
שיקען און רופען זייערע דריי שוועסטער, צו עסען
און צו טרינקען מיט זיי.
5 און עס פלעגט געשעהן, ווען עס האָבען זיך אַרומגע־
דרעהט די טעג פון דער מאָהלצייט, פלעגט איוב
שיקען און זיי איינלאַדען. און ער פלעגט אויפשטעהן
באַגינען, און פלעגט ברינגען בראַנד־אָפּפער — די

צאָהל פון זיי אַלעמען, ווייל איוב האָט געזאָגט: פיעללייכט האָבען מיינע קינדער געזינדיגט און געלעסטערט גאָט אין הערצען. אַזוי פלעגט איוב טהאָן אַלע צייטען.

6 און עס איז געקומען דער טאָג ווען די קינדער פון גאָט זיינען געקומען זיך שטעלען פאַר גאָט און דער שטן איז אויך געקומען צווישען זיי.

7 און גאָט האָט געזאָגט צום שטן: פון וואַנען קומסטו? און דער שטן האָט געענטפערט גאָט און האָט געזאָגט: פון שוועבען אויף דער ערד און פון וואַנדערען איבער איהר.

8 און גאָט האָט געזאָגט צום שטן: האָסטו געווענדעט דיין אויפמערקזאַמקייט אויף מיין קנעכט איוב'ן? דען עס איז ניטאָ אויף דער ערד אַ מאַן אַזוי ווי ער ריין און עהרליך, גאָטספאָרכטיג און אָפּגעקעהרט פון שלעכטס.

9 און דער שטן האָט געענטפערט גאָט און האָט געזאָגט: אומזיסט דען האָט איוב מורא פאַר גאָט?

10 האָסט דו דען ניט אַרומגעצאַהמט איהם און זיין הויזגעזינד און אַלץ וואָס צו איהם געהערט? די אַרבייט פון זיינע הענד האָסטו געבענשט און זיין פיה איז פאַרשפּרייט איבער'ן לאַנד.

11 שטרעק אָבער נאָר אויס דיין האַנד און ריהר אָן

עפעס וואָס איהם געהערט, אויב ער וועט דיך ניט
לעסטערען אין דיין געזיכט אַריין.

12 און גאָט האָט געזאָגט צו דעם שטן: אָט האָסטו אַלץ
וואָס איהם געהערט אין דיין האַנד, נאָר צו איהם
אַליין שטרעק ניט אויס דיין האַנד. און דער שטן איז
אַוועקגעגאַנגען פון גאָט'ס געזיכט.

13 און עס איז געקומען דער טאָג ווען זיינע זיהן און
טעכטער האָבען געגעסען און האָבען געטרונקען
וויין אין דעם הויז פון זייער עלטעסטען ברודער.

14 און אַ שליח איז געקומען צו איוב'ן און האָט געזאָגט:
די רינדער האָבען געאַקערט און די עזעלינען האָבען
זיך געפּאַשעט נעבען זיי,

15 און (אַ באַנדע פון) שבא איז אָנגעפאַלען און האָט זיי
צוגענומען, און די יונגען האָבען זיי דערשלאָגען
מיט'ן שווערד, און איך אַליין נאָר בין אַנטרונען אום
דיר צו דערצייהלען.

16 דער רעדט נאָך און אַ'ן אַנדערער איז געקומען און
האָט געזאָגט: אַ פייער פון גאָט איז אַרונטערגע־
פאַלען פון הימעל און האָט אָנגעצונדען די שעפּסען
און די יונגען, און האָט זיי פאַרצעהרט, און איך
אַליין נאָר בין אַנטרונען אום דיר צו דערצייהלען.

17 דער רעדט נאָך און אַ'ן אַנדערער איז אָנגעקומען און
האָט געזאָגט: די כשדים האָבען זיך צוטהיילט אין

דריי פּאָלקען און זיינען בעפאַלען די קעמלען און
האָבען זיי צוגענומען, און די יונגען האָבען זיי דער־
שלאָגען מיט׳ן שווערד, און איך אַליין נאָר בין אַנט־
רונען אום דיר צו דערציילען.

18 דער רעדט נאָך און אַ׳ן אַנדערער איז אָנגעקומען און
האָט געזאָגט : דיינע זיהן און דיינע טעכטער האָבען
געגעסען און האָבען געטרונקען וויין אין דעם הויז
פון זייער עלטעסטען ברודער,

19 און מיט אַמאָל איז אַ גרויסער שטורעם־ווינד אָנגע־
קומען פון דער מדבר־זייט און האָט אַרומגעכאַפּט
די פיער ווינקלען פון דעם הויז און עס איז איינגע־
פאַלען אויף די יונגע לייט און זיי זיינען געשטאָרבען,
און איך אַליין נאָר האָב זיך געראַטעוועט אום דיר צו
דערציילען.

20 און איוב איז אויפגעשטאַנען און האָט איינגעריסען
זיין מאַנטעל און געפליקט זיין קאָפּ און איז געפאַלען
צו דער ערד און זיך געבוקט.

21 און ער האָט געזאָגט : נאַקעט בין איך אַרויס פון מיין
מוטער׳ס לייב און נאַקעט וועל איך אַהין צוריק־
קעהרען, גאָט האָט געגעבען און גאָט האָט צוגענו־
מען. געבענשט זאָל זיין דער נאָמען פון גאָט.

22 דאָך האָט איוב ניט געזינדיגט און דעם אַלמעכטיגען
קיין טאַדעל ניט געגעבען.

## קאפּיטעל ב.

1 און עס איז געקומען דער טאָג ווען די קינדער פון גאָט
זיינען געקומען זיך צו שטעלען פאַר גאָט, און דער
שטן איז אויך געקומען צווישען זיי, זיך שטעלען
פאַר גאָט.
2 און גאָט האָט געזאָגט צו דעם שטן: פון וואַנען
קומסטו? און דער שטן האָט געענטפערט גאָט און
האָט געזאָגט: פון שוועבען אויף דער ערד און
פון וואַנדערען איבער איהר.
3 און גאָט האָט געזאָגט צו דעם שטן: האָסטו געלייגט
דיין אויפמערקזאַמקייט אויף מיין קנעכט איוב׳ן?
דען עס איז ניטאָ אויף דער ערד אַ מאַן אַזוי ווי ער,
ריין און עהרליך און גאָטספאָרכטיג און אָפּגעקעהרט
פון שלעכטס. און ער האַלט זיך נאָך אַלץ אָן זיין
פרומקייט, און דו האָסט מיך אָנגעהעצט איהם צו
פערניכטען אומזיסט.
4 און דער שטן האָט געענטפערט גאָט און האָט געזאָגט:
הויט פאַר הויט, און אַלץ וואָס אַ מענש פאַרמאָגט
וועט ער אַוועקגעבען פאַר זיין לעבען.
5 אָבער שטרעק נאָר אויס דיין האַנד און ריהר אָן זיין
קערפּער און זיין פלייש, אויב ער וועט דיך ניט לעס־
טערען אין דיין געזיכט אַריין.
6 און גאָט האָט געזאָגט צום שטן: אָט איז ער אין דיין
האַנד, נאָר היט זיין לעבען.

7 און דער שטן איז אַוועקגעגאַנגען פון גאָט'ס געזיכט
און ער האָט איוב'ן געפּלאָגט מיט שלעכטע קרעץ
פון דער זויל פון זיין פוס ביז דעם שפּיץ פון זיין קאָפּ.
8 און ער האָט זיך גענומען אַ שערבעל אום זיך צו
קראַצען דערמיט און ער איז געזעסען אין אַש.
9 און זיין ווייב האָט צו איהם געזאָגט: האַלסט זיך נאָך
אַלץ אָן דיין פרומקייט? פלוך גאָט און שטאַרב.
10 און ער האָט צו איהר געזאָגט: אַזוי ווי איינע פון די
נידערטרעכטיגע רעדסט דו. דאָס גוטע זאָלען מיר
יאָ צונעהמען פון גאָט, און דאָס שלעכטע זאָלען מיר
ניט צונעהמען? און איוב האָט אַלץ ניט געזינדיגט
מיט זיינע ליפּען.
11 און עס האָבען געהערט די דריי גוטע פריינד איוב'ס
פון דעם אומגליק וואָס איז אויף איהם געקומען, און
זיי זיינען געקומען יעדער איינער פון זיין אָרט,
אליפז דער תימני, בלדד דער שוחי און צופר דער
נעמתי, און זיי האָבען זיך צונויפגעקליבען צו געהן
אום איהם צו באַדויערען און איהם צו טרייסטען.
12 און זיי האָבען אויפגעהויבען זייערע אויגען פון דער
ווייטען און זיי האָבען איהם ניט דערקענט, און זיי
האָבען אויפגעהויבען זייערע שטימען און האָבען
געוויינט און איטליכער פון זיי האָט איינגעריסען
זיין מאַנטעל און זיי האָבען געוואָרפען אַש אויף
זייערע קעפּ קעגען הימעל.

13 און זיי זיינען מיט איהם געזעסען אויף דער ערד זיבען
טעג און זיבען נעכט, קיינער ניט רײדענדיג אַ וואָרט
צו איהם, דען זיי האָבען געזעהן אַז דער וועהטאָג
איז זעהר גרויס.

## קאפיטעל ג.

1 נאָך דעם האָט איוב אויפגעעפענט זיין מויל און האָט
געשאָלטען זיין טאָג.
2 און ער האָט אויסגערופען און האָט געזאָגט:
3 אונטערגעהן זאָל דער טאָג אין וועלכען איך בין געבאָ־
רען געוואָרען, און די נאַכט וועלכע האָט אָנגעזאָגט:
אַ מענליך קינד איז (אין מוטערלייב) געשאַפען
געוואָרען.
4 פינסטערניס זאָל זיין יענער טאָג, גאָט פון אויבען זאָל
זיך אויף איהם ניט נאָכפרעגען, קיין שימער זאָל
אויף איהם ניט שיינען.
5 פאַרפלעקען זאָלען איהם פינסטערניס און דער שאָטען
פון טויט, אַ וואָלקען זאָל רוהען אויף איהם, די היין־
כמאַרעס פון טאָג זאָלען איהם פילען מיט שרעק.
6 יענע נאַכט — אַ חשכ׳ניס זאָל זי צונעהמען, זי זאָל
זיך ניט פרייהען מיט די (איבריגע) טעג פון יאָהר,
אין דער צאָהל פון מאָנאַטען זאָל זי ניט אַריינקומען.
7 דען די דאָזיגע נאַכט זאָל זיין אַ׳ן איינזאַמע, קיין
פרייהליך געזאַנג זאָל אין איהר ניט אַריינקומען.

8 שילטען זאָלען זי די וואָס פלוכען דעם טאָג, די וועלכע זיינען גרייט זייער קלאָג־ליעד אויפצוהויבען.

9 דונקעל ווערען זאָלען איהרע אבענד־שטערען, זי זאָל האָפען אויף דאָס ליכט און עס זאָל ניט קומען, און זי זאָל ניט אָנזעהן די אויגען־ברעמען פון דעם מאָרגען.

10 ווייל זי האָט ניט פאַרשלאָסען די טהירען פון מיין מוטער־לייב, און ניט פאַרבאָרגען ליידען פון מיינע אויגען.

11 ווארום בין איך ניט גלייך פון געבערמוטער געשטאָרבען, ווארום ניט אַרויס פון בויך און גלייך פאַרגאַנגען ?

12 ווארום האָבען מיך קניה איפגענומען, ווארום בריסט פון וועלכע איך זאָל זויגען ?

13 איך וואָלט שוין געלעגען און שטיל גערוהט, איך וואָלט שוין געשלאָפען און געהאַט רוה —

14 מיט קיניגען און מיט ראַטהגעבער פון דער ערד, וועלכע פאַרבויען פאַר זיך וויסטעניסען ;

15 אָדער מיט פירשטען וועלכע האָבען גאָלד און פילען זייערע הייזער מיט זילבער אָן.

16 אָדער ווארום בין איך ניט ווי אַ פאַרבאָרגענער מפיל געוועזען ? ווי קינדער וועלכע האָבען דעם שיין ניט געזעהן ?

17 דאָרט הערען אויף די פאַרדאָרבענע זיך צו רודערן און דאָרטען רוהען די פאַרמאַטערטע.

18 דאָרט זיינען די געפאַנגענע פריי פון זאָרג, זיי הערען ניט די שטים פון באַדריקער.

19 גרויס און קליין זיינען דאָרט פאַראַנען, און דער קנעכט איז פריי פון זיין אויבערהאַרר.

20 וואַרום גיט ער ליכט צו דעם ליידענדען און לעבען — צו די פאַרביטערטע ?

21 צו די וועלכע וואַרטען אויפ׳ן טויט און ער קומט ניט און צו די וועלכע זוכען איהם מעהר ווי פאַרבאָרגענע שאַצען ?

22 צו די וועלכע טאַנצען פון פרייד און זיינען לוסטיג ווען זיי געפינען אַ גרוב ?

23 צו דעם מאַן וואָס זיין וועג איז פאַרבאָרגען און גאָט האָט פאַר איהם פאַרצאַהמט ?

24 דען איידער מיין ברויט קומט מיין קרעכץ, און גלייך ווי וואַסער גיסען זיך מיינע קלאָגען.

25 דען דער שרעק פאַר וועלכען איך האָב זיך געשראָקען איז אויף מיר געקומען, דאָס פאַר וואָס איך האָב מורא געהאַט איז אויסגעגאַנגען צו מיר.

26 איך האָב ניט געהאַט קיין פרידען און קיין רוהיגקייט און קיין אָפרוה, פאַרדרוס בלויז איז געקומען.

## קאפיטעל ד.

1 און געענטפערט האָט אליפז דער תימני און האָט געזאָגט:

2 צו ווייל דיר האָט פּרובירט עפּעס פּאַסירען ווערסטו אָפּהענדיג? ווער קען זיך דען צוריקהאַלטען פון ווערטער (קעגען דיר)?

3 דו פלעגסט דאָך פיעלען מוסר זאָגען, און שלאַפע הענד פלעגסטו שטאַרקען,

4 דעם שטרויכלענדען פלעגען אויפשטעלען דיינע רייד און וואַנקענדע קניה פלעגסטו קרעפטיגען,

5 און איצט, ווען עס קומט צו דיר ווערסטו אָפּהענדיג? עס גרייפט אָן דיך און דו ווערסט דערשראָקען?

6 איז דען ניט דיין גאָטספאָרכטיגקייט דיין צוטרוי, און דיין פרומקייט — דיין האָפענונג?

7 דערמאָן זיך נאָר: ווער איז דער אונשולדיגער וואָס איז פאַרלאָרען געגאַנגען? און וואו זיינען די עהר־ליכע פאַרטיליגט געוואָרען?

8 איך האָב אָבער געזעהן, אַז יענע וועלכע אַקערען אונ־רעכט און זעען שלעכטס, מוזען עס שניידען.

9 פון גאָט'ס הויך ווערען זיי פאַרניכטעט, און פון דעם אָטהעם פון זיינע נאָזלעכער ווערען זיי פאַרלענדט.

10 דאָס ברילען פון דעם אַלטען לייב און די שטים פון דעם יונגען לייב און די צייהנער פון די לייבעלעך ווערען אויסגעבראָכען.

11 דער לייב געהט אוים אָהן שפּייז און די קינדער פון דער לעווין ווערען צושפּרייט.

12 און צו מיר האָט זיך אַ וואָרט פער׳גנב׳עט, און מיין אויער האָט עפּעס פון איהם פאַרנומען.

13 אין די געדאַנקען פון באַנאַכטיגע זעהונגען, ווען עס פאַלט אַ שלומער אויף מענשען,

14 אַ שרעק האָט מיך באַנומען און אַ ציטערנים, און ס׳האָט אַלע מיינע ביינער צושווידערט.

15 און אַ גייסט איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי מיר, די האָאר פון מיין לייב האָבען זיך אויפגעשטעלט.

16 ער איז געשטאַנען אָבער איך האָב זיין געזיכט ניט דערקענט, בלויז אַ געשטאַלט איז געוועזען פאַר מיינע אויגען. (צוערשט) אַ שטילקייט, און דאַן האָב איך אַ שטים געהערט:

17 קען אַ שטערבליכער זיין גערעכטער פון גאָט? קען דער מענש זיין ריינער פון זיין באַשעפער?

18 ער טרויט ניט זיינע לייב־קנעכט, און אין זיינע מלאכים געפינט ער פעהלערען —

19 טאָ ווי שוין אין די וואָס וואָהנען אין הייזער פון לעהם, וואָס זייער פונדאַמענט ליגט אין שטויב, און וואָס ווערען צוריבען פון מאָיל.

20 צווישען מאָרגען און אבענד ווערען זיי צודריקט, גאָר ניט באַמערקענדיג געהען זיי אונטער אויף אייביג.

21 זייער פאָרצוג איז פון זיי אװעקגענומען געװאָרען, זיי שטאַרבען — און אָהן פערשטאַנד.

## קאַפּיטעל ה.

1 רוף נאָר, איז דאָ (איינער) װאָס װעט דיך ענטפערען? און צו װעמען פון די הייליגע װעסטו זיך װענדען?
2 דען דעם נאַררען הרג'עט דער פאַרדרוס, און דעם ניט־קלוגען טויטעט די אייפערזוכט.
3 איך האָב געזעהן דעם נאַררען איינגעװאָרצעלט און דאָך האָב איך גלייך פאַרפלוכט זיין װאָוהנונג.
4 זיינע קינדער װעלען װייט זיין פון הילף, זיי װעלען צודריקט װערען פאַר דעם טהויער (פון דער שטאָדט) און קיינער װעט זיי ניט רעטען.
5 זיינע תבואה װעט אויפעסען דער הונגעריגער, פון צװישען די דערנער װעט ער זי אַרויסנעהמען, און אַ רויבער־באַנדע װעט פאַרשלינגען זיין פאַרמעגען.
6 דען פון דער ערד קומט ניט אַרויס קיין באַטרוג, און פון דעם באָדען שפּראָצט ניט קיין אונרעכט.
7 דער מענש איז צו ליידען געבאָרען אַזוי װי פונקען צו פליהען אין דער הויך.
8 אָבער איך זוך בלויז גאָט און צו דעם אַלמעכטיגען װענד איך מיינע רייד.
9 ער טהוט זאַכען גרויסע, גאָר ניט צו דערפאָרשען, און װאונדער אָהן אַ צאָהל.

10 ער שענקט דעם רעגען אויף דער ערד און שיקט דאָס וואַסער אַראָפּ אויף די פעלדער,

11 אום אויפצוהויבען די דערנידערטע, אום די פאַרפינס־טערטע זאָלען דערהויכט ווערען מיט זיין הילף.

12 ער צושטערט די פּלענער פון די איבערשפּיצטע אום זייערע הענד זאָלען ניט מאַכען קיין ערפאָלג.

13 ער פאַנגט די קלוגע אין זייער (אייגענער) פאַרשפּיצט־קייט, און דער ראַטה פון די פאַרדאָרבענע (ווייזט זיך אַרויס) איבעראיילט.

14 ביי טאָג באַגעגענען זיי פינסטערנים, און מיטען טאָג טאַפּען זיי ווי ביי נאַכט.

15 ער ראַטעוועט פון דעם שווערד — פון זייער מויל, און דעם נויטהבאַדירפטיגען פון דעם שטאַרקען׳ס האַנד.

16 און האָפענונג קומט צו דעם אָרעמאַן און אונגערעכ־טיגקייט שליסט צו איהר מויל.

17 יא, גליקליך איז דער מאַן וואָס גאָט ווארענט איהם; די שטראָף פון דעם אַלמעכטיגען זאָלסטו ניט פאַר־אכטען.

18 דען ער פאַרוואונדעט און פאַרבינדט, ער שלאָגט און זיינע הענד פאַרהיילען.

19 פון זעקס אונגליקען וועט ער דיך אַרויסראַטעווען און פון זיבען וועט דיך קיין בייז ניט טרעפען.

20 אין הונגערנויטהּ לייזט ער דיך אוים פון טויט און אין שלאַכט־פעלד — פון דעם שווערד.

21 פון דער צונג'ס בייטש וועסטו זיין פאַרבאָרגען און דו וועסט זיך ניט שרעקען פאַר'ן אונגליק ווען עס וועט קומען.

22 פון אונגליק און פון הונגער וועסטו זיך אויסלאַכען, און וועסט ניט מורא האָבען פאַר די טהיערען פון דער ערד.

23 דען מיט די שטיינער פון פעלד איז דיין בונד געמאַכט, און די טהיערען פון פעלד האָבען פרידען געשלאָסען מיט דיר.

24 און דו וועסט וויסען אַז רוהיג איז דיין געצעלט, דו וועסט באַזוכען דיין וואָהנונג און קיין זאַך וועט ניט פעהלען.

25 און דו וועסט וויסען אַז דיין זאָמען האָט זיך פאַר־מעהרט און דיינע שפּראָצונגען אַזוי ווי די גראָז פון דער ערד.

26 אין אַ פולען עלטער וועסטו קומען צו דער גרוב אַזוי ווי דער תבואה־הויפען ווערט איינגעזאַמעלט ווען זיין צייט קומט.

27 אָט דאָס האָבען מיר אויסגעפאָרשט. אַזוי איז עס. הער עס און פערשטעה עס.

## קאפיטעל ו.

1 און געענטפערט האָט איוב און געזאָגט:
2 ווען מיין שמערץ זאָל געוואויגען ווערען, און מען זאָל
אויפהייבען אין אַ וואָגשאָל מיין גאַנצען בראָך —
3 שווערער ווי זאַמד פון מעער וואָלט ער דאַן געווען;
דאַריבער זיינען מיינע ווערטער צומישט.
4 דען די פיילען פון דעם אַלמעכטיגען שטעקען אין מיר,
און מיין גייסט טרינקט זייער גיפט. די שרעקען פון
גאָט רייהען זיך (אין קאַמפף) אַקעגען מיר.
5 הירזשעט דער ווילדער עזעל אויפ'ן גראָז? רעוועט דער
אָקס איבער זיין שפּייז־געמיש?
6 ווערט אונגעווירצטע שפּייז געגעסען אָהן זאַלץ? איז
דאָ אַ געשמאַק אין קלעפּיגען שפּייעכטס? —
7 (זאַכען) וואָס מיין זעעלע האָט זיך געווייגערט אָנצו־
ריהרען, זיי זיינען איצט מיין עקעלהאַפטע שפּייז. —
8 אָ, ווען מיין פאַרלאַנג זאָל אָנקומען, ווען גאָט זאָל
שענקען מיין האָפענונג;
9 און דער אַלמעכטיגער זאָל איינוויליגען און מיך צו־
דריקען, ער זאָל לויז לאָזען זיין האַנד און מיך דער־
ענדיגען!
10 דאָס וואָלט נאָך פאַר מיך אַ טרייסט געווען, איך וואָלט
זיך מיט דעם וועהטאָג געפרעהט; ער זאָל נאָר קיין
מיטלייד ניט האָבען! — איך האָב דאָך אין די ווער־
טער פון דעם הייליגען ניט געלייקענט.

11 וואָס איז מיין קראַפט איך זאָל האָפען? וואָס וועט מיין ענד זיין, איך זאָל מיין געדולד פערלענגערען?
12 איז מיין קראַפט די קראַפט פון שטיינער? איז מיין פלייש פון קופּער?
13 יא, קיין הילף איז מעהר פאַר מיך ניטאָ, און יעדער ראַטה פערשטויסען איז פון מיר.
14 דעם ליידענדען דאַרף זיין גוטער פריינד מיטלייד שענקען, ער אָבער פערלאָזט די גאָטספאָרכטיגקייט.
15 מיינע ברידער האָבען געפעלשט ווי דער טייך, זיי זיינען אַוועק אַזוי ווי דער שטראָם פון די פלוסען,
16 וואָס ווערען פאַרדונקעלט פון דעם אייז און זייער אויבערדעק ווערט פאַרבאָרגען פון שנעע.
17 ווען זיי ווערען צואָוואַרעמט ווערען זיי פאַרשוואונדען, פון דער היץ רוקען זיי זיך אַוועק פון זייער פּלאַטץ.
18 עס דרעהען זיך די וועגען פון זייער וואַנדערונג, זיי פאַרגעהען אין דער וויסטע און ווערען פאַרלאָרען.
19 די קאַראַוואַנען פון תימא האָבען אויסגעקוקט, די מחנות פון שבא האָבען אויף זיי געהאָפט.
20 זיי האָבען זיך געשעמט וואָס זיי האָבען צוטרוי געהאַט, זיי זיינען געקומען אַהינצו און זיינען געוואָרען צו שאַנד.
21 אַזוי זייט איהר איצט געוואָרען, איהר האָט דערזעהן דעם בראָך און האָט זיך דערשראָקען.

22 האָב איך דען געזאָגט: גיט מיר (עפּעס)? שענקט
פון מיינעטוועגען פון אייער פאַרמעגען?
23 און ראַטעוועט מיך פון דעם פיינד'ס האַנד, און לייזט
מיך אויס פון דער האַנד פון טיראַנען?
24 לערענט מיך און איך וועל שווייגען, און וואָס איך
האָב פאַרזעהן גיט מיר צו פאַרשטעהן.
25 ווי שטאַרק זיינען די ווערטער פון וואַהרהייט! —
אָבער וואָס באַווייזען אייערע טענות?
26 רעכענט איהר ווערטער פאַר אַ בעווייז, און די רייד
פון דעם פאַרצווייפעלטען (האלט איהר בלויז) פאַר
ווינד?
27 איהר וואָלט אויף אַ יתום (אַ'ן אומגליק) אַרויפוואַר־
פען, אייערע פריינד וואָלט איהר אונטערגעגראָבען.
28 און איצטער באַוויליגט מיך און ווענדט זיך צו מיר:
זאָג איך איך אין אייער געזיכט ליגען?
29 איבערלעגט זיך, לאָזט קיין אונרעכט ניט געשעהן,
איבערלעגט זיך ווידער. דערינען ליגט מיין אונשולד.
30 איז אַ'ן אונגערעכטיגקייט פאַראַן אויף מיין צונג?
אָדער פאַרשטעהט מיין גומען ניט וואָס פאַרברעכען
איז?

קאַפּיטעל ז.

1 איז דען ניט אַ געוויסער טערמין (פון אָפּקומעניסען)
באַשטימט פאַר דעם מענשען אויף דער ערד? זיינען

ניט זיינע טעג ווי די טעג פון דעם געדונגענעם
אַרבייטער?

2 אַזוי ווי אַ קנעכט שמאַכט נאָך דעם שאָטען, אַזוי ווי אַ
געדונגענער אַרבייטער קוקט אויס אויף זיין לוין—

3 אַזוי האָב איך מיר אויך געקריגען צוגעטהיילט מאָנאַ־
טען פון ליידען און נעכט פון אומרוה זיינען מיר
צוגעצייהלט געוואָרען.

4 ווען איך לייג זיך, זאָג איך: ווען וועל איך שוין אויפ־
שטעהן? ווען וועט דער אבענד אַוועק? און איך
ווער מיד זיך וואַרפענדיג הין און הער ביז באַגינען.

5 מיין פליייש איז באַדעקט מיט ווערעם און מיט שטיקער
ערד, מיין הויט איז צופּלאַצט און איז עקעלהאַפט
געוואָרען.

6 מיינע טעג לויפען פלינקער ווי אַ וועב־שיפעלע, און
זיי פאַרגעהען אָהן האָפענונג.

7 געדענק, בלויז אַ הויך איז מיין לעבען, מיין אויג וועט
שוין ווידער קיין גוטס ניט זעהן.

8 דאָס אויג פון דעם וואָס זעהט מיך איצט וועט מיך ניט
אָנזעהן מעהר, אָט זיינען דיינע אויגען אויף מיר און
שוין בין איך ניטאָ.

9 אַ וואָלקען פאַרשווינדט און זאַרגעהט; אַזוי דער וואָס
שטייגט אין די אונטערערד דער וועט שוין מעהר
ניט אַרויפקומען.

10 ער וועט זיך ניט מעהר צוריקקעהרען צו זיין הויז,
זיין פּלאַטץ וועט איהם מעהר ניט קענען.
11 איך וועל אויך ניט איינהאַלטען מיין מויל, איך וועל
ריידען ווען מיין געמיטה איז באַקלעמט, איך וועל
זיך באַקלאָגען ווען מיין זעעל איז פאַרביטערט.
12 בין איך דען א ים אָדער אַ וואַהלפיש, וואָס דו שטעלסט
אַ וואַך אַרום מיר?
13 איך האָב געזאָגט: מיין בעט וועט מיך טרייסטען,
מיין געלעגער וועט מיך העלפען טראַגען מיין קלאָג.
14 האָסטו מיך אָבער מיט טרוימען געשראָקען, מיט
זעהונגען האָסטו מיך געסטראַשעט.
15 און מיין זעעל קלייבט בעסער אויס דערוואָרגונג און
טויט, איידער די (לעבעדיגע) גליעדער מיינע.
16 עס האָט מיך פאַרעקעלט. איך וועל דאָך אייביג ניט
לעבען, לאָז מיך אָפּ! מיינע טעג זיינען דאָך אַ
גאָרנישט.
17 וואָס איז דער מענש וואָס דו גרויסט איהם אַזוי?
וואָס דו לייגסט אויף איהם דיין אויפמערקזאַמקייט?
18 אין יעדען מאָרגען באַזוכסטו איהם, און פּרובירסט
איהם אַלע ווייל?
19 ווי לאַנג נאָך וועסטו זיך פון מיר ניט אָפּקעהרען,
מיך ניט אָפּלאָזען (כאָטש) ביז איך וועל מיין שפּייעכץ
אַרונטערשלינגען?
20 יא איך האָב געזינדיגט! וואָס זאָל איך דיר דען טהאָן?

דו וועכטער פון דעם מענשען! ווארום האָסטו מיך
געמאַכט פאַר דיין ציעל, ביז איך בין זיך אַליין צו
לאַסט געוואָרען?
21 ווארום פערגיסט דו ניט מיין פאַרברעך, און פאַרטי־
ליגסט ניט מיין זינד? דען באַלד וועל איך ליגען אין
שטויב, און דו וועסט מיך זוכען און איך וועל מעהר
ניט זיין?

קאַפּיטעל ח.

1 און געענטפערט האָט בלדד דער שוחי און האָט
געזאָגט:
2 ווי לאַנג נאָך וועסטו ריידען די דאָזיגע (רייד), און ווי
אַ שטאַרקער ווינד (וועלען זיין) די ווערטער פון דיין
מויל?
3 וועט דען גאָט פאַרדרעהען דאָס אורטהייל? וועט דען
דער אַלמעכטיגער פאַרקרימען די גערעכטיגקייט?
4 ווייל דיינע קינדער האָבען געזינדיגט קעגען איהם,
האָט ער זיי אָוועקגעשיקט צוליעב זייער פאַרברעך.
5 אויב דו וועסט אויפזוכען גאָט און וועסט פאַר דעם
אַלמעכטיגען זיך בעטען,
6 אויב דו ביסט ריין און עהרליך, דאַן וועט ער וואַכען
איבער דיר און ער וועט ווידער גאַנץ מאַכען דיין
פרומע וואָוהנונג.
7 און דיין אָנהויב וועט זיין קליין (אין פערגלייך), דען
דיין ענד וועט זיין זעהר גרויס.

8 פרעג זיך נאָך ביי אַ פריהערדיגען דור, לעג צו (דיין זינען) צו די אויספאָרשונג פון זייערע עלטערען.

9 דען מיר זיינען פון נעכטען בלויז און מיר ווייסען נים. אונזערע טעג אויף דער ערד זיינען ווי אַ שאָטען נאָר.

10 אָט זיי וועלען דיר לערנען; זיי וועלען דיר זאָגען און פון זייער הערצען וועלען זיי ווערטער אַרויס־ברינגען.

11 וועט דען דער וואַסער־ראָהר זיך אויפהויבען וואו ס׳איז קיין זומפּ ניטאָ? וועט דען די לאָנקע וואַקסען אָהן וואַסער?

12 זי איז נאָך אין איהר גרינקייט און נאָך נים אַרונטער־געהאַקט און דאָך ווערט זי פאַרוועלקט איידער אַלע אַנדערע גראָזען.

13 אַזוי זיינען די וועגען פון די וועלכע פאַרגעסען אָן גאָט, און די האָפענונג פון דעם פאַלשען וועט אונטערגעהן.

14 זיין ערוואַרטונג ווערט אָפּגעשניטען און זיין זיכער־קייט — אַזוי ווי שפּינוועבס.

15 ער לעהנט זיך אָן זיין הויז אָבער ער שטעהט נים איין, האַלט זיך אָן, אָן איהם, אָבער עס קען זיך נים אויפהאַלטען.

16 זאַפטיג שטעהט ער פאַר דער זונן און די יונגע צווייגען זיינע שפּרייטען זיך איבער׳ן גאָרטען.

17 זיינע וואָרצלען פלעכטען זיך נעבען וואַסער און מיט
אַ מויער פון שטיין גרענעצט ער זיך.
18 אָבער ווען מע רייסט איהם אַרויס פון זיין אָרט וועט
עס איהם פאַרלייקענען: איך האָב דיך (קיינמאָל)
ניט געזעהן.
19 אָט דאָס איז די פרייד פון זיין וועג. און פון דער
(זעלביגער) ערד וועלען אַנדערע אַרויסשפּראָצען.
20 גאָט פאַראַכטעט ניט דעם אונשולדיגען און שטיצט
ניט די האַנד פון די וואָס טהוען שלעכטס.
21 ער וועט נאָך אָנפילען דיין מויל מיט געלעכטער
און דיינע ליפּען — מיט פרייד־געשריי.
22 דיינע פיינד וועלען מיט שאַנד זיך באַקליידען און דאָס
געצעלט פון די שלעכטע וועט ניט מעהר זיין.

## קאַפּיטעל ט.

1 און איוב האָט געענטפערט און האָט געזאָגט:
2 יאָ, איך ווייס אז עס איז אַזוי. און ווי קען אַ מענש
גערעכט זיין קעגען גאָט?
3 ווען ער זאָל וועלען זיך קריעגען מיט איהם, וואָלט ער
איהם ניט געקענט ענטפערען איינס פון טויזענד.
4 קלוג־הערציג (איז ער) און שטאַרק אין קראַפט. ווער האָט
זיך איינגעשפּאַרט קעגען איהם און איז געבליבען
גאַנץ?
5 ער רוקט איבער בערג (פון זייער פּלאַטץ) און זיי

ווייסען ניט, ער (איז דער וועלכער) קעהרט זיי אום
קאַפּויר אין זיין צאָרען.
6 ער שאָקעלט די ערד אַרויס פון איהר אָרט און איהרע
זיילען ווערען צוטרייסעלט.
7 ער זאָגט נאָר צו דער זונן, און זי שיינט ניט, און אויף
די שטערען לעגט ער אַ זיגעל.
8 ער האָט די הימלען אויסגעצויגען איינער אַליין און
ער טראַמפּעלט אויף די הויכקייטען פון ים.
9 ער האָט באַשאַפען די שטערען פון בער, דעם אָריאָן
און די זיבען גרויסע שטערען און די קאַמערען פון
דרום.
10 ער טהוט זאַכען גרויסע, גאָר ניט צו דערפאָרשען,
און וואונדער — אָהן אַ צאָהל.
11 דאַכט זיך ער געהט מיך פאַרביי, דאָך זעה איך איהם
ניט; ער געהט דורך און איך באַמערק איהם ניט.
12 ווען ער כאַפּט אַװעק, ווער וועט איהם אָפּהאַלטען?
ווער וועט איהם זאָגען: וואָס טהוסטו?
13 גאָט ציהט ניט צוריק זיין צאָרען. אונטער איהם ביי־
גען זיך די העלפּערס פון דעם שטאָלצען.
14 און איך זאָל איהם ענטפערען? און אויסקלייבען מיינע
ווערטער קעגען איהם?
15 ווען איך זאָל אפילו גערעכט זיין, קען איך ניט ענט־
פערען. איך קען זיך בלויז בעטען פאַר מיין ריכטער.
16 ווען איך זאָל רופען און ער זאָל מיר אָפּענטפערען,

וואָלט איך אויך ניט געגלויבט אַז ער פאַרנעהמט
מיין שטים.
17 ער, וועלכער צושמעטערט מיך מיט זיין שטורעמ־
ווינד און האָט געמעהרט מיינע וואונדען אומזיסט.
18 ער לאָזט מיך ניט מיין אָטהעם אָפּציהען, דען ער
פילט מיך אָן מיט ביטערקייטען.
19 קומט עס צו קראַפט, איז ער מעכטיג. קומט עס צו
געריכט, ווער וועט איהם פאַר מיך געהן לאָדען?
20 ווען איך זאָל אפילו גערעכט זיין, וועט מיך מיין
אייגען מויל באַשולדיגען, ווען איך זאָל זיין אונשול־
דיג וועט ער מיך אַלס פאַרדאָרבען אַרויסשטעלען.
21 בין איך אונשולדיג? איך וויים אַליין ניט מיין אייגענע
זעעלע. איך פאַראַכט מיין אייגען לעבען. —
22 עס איז אַלץ איינס. דאַריבער האָב איך געזאָגט: אי
דעם אונשולדיגען אי דעם פאַרדאָרבענעם פאַרניכ־
טעט ער.
23 ווען די רוטה טוידט פּלוצלונג (עמיצען) דאַן לאַכט
זי פון די פּייניגונגען פון די אונשולדיגע.
24 די ערד איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די האַנד פון
דעם שלעכטען. די געזיכטער פון די ריכטער האָט ער
פאַרדעקט. אויב ניט (ער), ווער דען איז עס? —
25 און מיינע טעג זיינען פלינקער ווי אַ שטאַפעט, זיי
זיינען אַנטלאָפען און האָבען קיין גוטס ניט געזעהן.
26 זיי זיינען פאַרשוואונדען ווי שיפלעך פון ריטער, ווי

דער אָדלער װעלכער פלאַטערט אַרונטער אויף (זיין) שפייז.

27 זאָל איך זאָגען: איך װעל פאַרגעסען מיין קלאָג, איך װעל אַװעקװאַרפען מיין טרויער־געזיכט און װעל מונטער זיין —

28 האָב איך מורא פאַר מיינע װעהטאָגען, איך װייס אַז דו װעסט מיך ריין ניט אַרויסלאָזען.

29 איך װעל בלייבען דער שולדיגער. צו װאָס דען זאָל איך זיך מיהען פאַר גאָרנישט?

30 װען איך זאָל זיך האָבען געװאַשען אין שניי־װאַסער און האָבען גערייניגט מיינע הענד מיט לויג —

31 װאָלסטו מיך אין אַ זומפּיגען גראָבען איינטונקען און מיינע קליידער װאָלטען מיך עקעלהאַפט געמאַכט.

32 דען ער איז ניט אַ מענש אַזוי װי איך, איך זאָל איהם ענטפערען, און מיר זאָלען צוזאַמען קומען פאַר געריכט.

33 עס איז ניטאָ װער עס זאָל צװישען אונז ענטשיידען, װער עס זאָל אויף אונזביידען אַרויפלעגען זיין האַנד.

34 זאָל ער נאָר אָפּטהאָן פון מיר זיין רוטה, זאָל זיין שרעק מיך נאָר ניט סטראַשען —

35 און איך װעל ריידען און איך װעל זיך פאַר איהם ניט שרעקען, דען איך ביי זיך בין ניט אַזוי (שולדיג).

## קאפּיטעל י.

1 מיין זעעל איז מיעד פון מיין לעבען, איך וועל לויז
לאָזען מיין קלאָג, איך וועל ריידען אין דער ביטער־
נים פון מיין געמיטה.

2 איך וועל זאָגען צו גאָט: פאַראורטהייל מיך ניט,
לאָז מיך וויסען פאַר וואָס דו שטרייטסט קעגען מיר.

3 איז דיר גוט ווען דו אונטערדריקסט? ווען דו פאַר־
אַכטעסט דאָס ווערק פון דיינע הענד און באַלייכטעסט
די פּלענער פון די וואָס טהוען שלעכטס?

4 האָסטו דען אויגען פון פלייש? קוקסטו דען ווי אַ
מענש קוקט?

5 זיינען דיינע טעג אַזוי ווי די טעג פון אַ מענשען?
אָדער זיינען דיינע יאָהרען ווי די טעג פון אַ מאַן?—

6 ווען דו זוכסט מיין זינד און פאָרשט נאָך מיין פאַרברע־
כען,

7 ווייסטו דאָך אַז איך בין אונשולדיג, און עס איז ניטאָ
ווער עס זאָל ראַטעווען פון דיין האַנד.

8 דיינע הענד האָבען מיך געפאָרעמט, האַרמאָניש צוזאַ־
מען רונד אַרום, און דאָך פאַרניכטעסטו מיך.

9 דערמאָן זיך, אַזוי ווי לעהם האָסטו מיך געקנעטען.
ווילסטו מיך ווידער אומקעהרען אין שטויב?

10 דו האָסט מיך דאָך אַזוי ווי מילך אויסגעגאָסען, ווי
קעז האָסטו מיך פאַרגליווערט.

11 מיט הויט און מיט פלייש האָסטו מיך פאַרקליידט.

מיטביינער און מיט אָדערען האָסטו מיך דורכ־
געוועבט.

12 לעבען און גנאָד האָסטו מיר געשאָנקען און דיין
אויפפאַסונג האָט אָפּגעהיט מיין גייסט.

13 דאָך דאָס האָסטו פאַרבאָרגען געהאַלטען אין דיין
הערצען ; איך וויים אַז דאָס איז ביי דיר געוועזען
(באַשלאָסען) :

14 אַז אויב איך זינדיג זאָלסטו אויף מיך אַכט געבען, און
פון מיין שולד זאָלסטו מיך ניט פריישפּרעכען.

15 אויב איך בין שלעכט דאַן וועה איז מיר, און ווען איך
בין גערעכטיג, זאָל איך מיין קאָפּ ניט אויפהויבען.
איך בין געזעטיגט מיט שאַנד. אָ, זעה מיין עלענד.

16 און עס ווערט אַלץ גרעסער. ווי אַ לייב יאָגסטו זיך
נאָך מיר, און קעהרסט זיך אַלץ ווידער אום זיך
קעגען מיר וואונדער (־גרויזאַם) אַרויסצואווייזען.

17 דו באַנייסט דיינע עדות קעגען מיך, דו פאַרמעהרסט
קעגען מיך דיין צאָרען. ענדערונגען און אָפּקומע־
ניסען (קומען נאָכאַנאַנד) איבער מיר.

18 ווארום האָסטו מיך פון געבערמוטער אַרויסגעצויגען?
אָ, ווען איך וואָלט אויסגעגאַנגען און קיין אויג
וואָלט מיך ניט אָנגעזעהן.

19 איך וואָלט געווען אַזוי ווי איך וואָלט גאָר ניט עקזיס־
טירט, פון מוטערלייב גלייך צו דער גרוב וואָלט איך
אַוועקגעפיהרט געוואָרען.

20 מיינע טעג זיינען ווינציג. הער אויף! טהו אָפּ פון מיר (דיין האַנד) איך זאָל אַ ביסעל זיך אויפ־מונטערען.

21 איידער איך וועל אַוועקגעהן אום זיך מעהר ניט אומצוקעהרען, אין דאָס לאַנד פון פינסטערנים און פון דעם שאָטען פון טוידט,

22 אַ לאַנד פון חשכ'נים, אַזוי ווי די פינסטערנים פון דעם שאָטען פון טוידט, און אָהן אָרדנונג, וואו דער ליכט־שיין אפילו איז אַזוי ווי דונקעלהייט.

## קאַפּיטעל יא.

1 און צופר דער נעמתי האָט געענטפערט און האָט געזאָגט:

2 זאָל אַ הויפען פון ווערטער בלייבען ניט געענטפערט? זאָל דער מאַן פון (רעדעוודיגע) ליפּען בלייבען גערעכט?

3 דיינע פּוסטע רייד מאַכען מענשען צו שווייגען, דו שפּאָטסט און קיינער פערשעמט דיך ניט.

4 און דו זאָגסט: לויטער איז מיין לעהרע, און ריין בין איך פאַר דיינע אויגען.

5 הלואי וואָלט גאָט רעדען, און ער וואָלט עפענען זיינע ליפּען קעגען דיר!

6 און ער וואָלט דיר דערציילען די געהיימניסען פון קלוגהייט, דען דאָפּעלטע פאַלדען האָט די חכמה.

און וויסען זאָלסטו אַז גאָט לאָזט דורך פיעל פון דיינע זינד.

7 קענסטו די אויספאָרשונג פון גאָט געפינען, קענסטו דערגרייכען דעם גרענעץ פון דעם אַלמעכטיגען?

8 די הויכקייטען פון הימעל—וואָס קענסטו (דאָרט) אויפ־טהאָן? טיעפער ווי די אונטערערד, וואָס קענסטו וויסען?

9 לענגער ווי די ערד איז (זיין) מאָס, און ברייטער פון'ם ים.

10 ווען ער געהט פאַרביי און שליסט איין, און זאַמעלט צוזאַמען, ווער וועט איהם צוריקהאַלטען?

11 ער קען די מענער פון פאַלשקייט, ער זעהט די אונ־גערעכטיגקייט. זאָל ער זיך דען ניט צוקוקען?

12 דער פוסטער מאַן האָט קיין פאַרשטאַנד ניט, דען ווי אַ יונגער ווילדער אייזעל ווערט דער מענש געבאָרען.

13 אויב דו האָסט געקעהרט דיין האַרץ (צו גאָט), דאַן שפרייט אויס צו איהם דיינע הענד.

14 אויב דו האָסט אונרעכט אין דיין האַנד, דערווייטער עס. לאָז ניט רוהען אין דיינע צעלטען קיין אונגע־רעכטיגקייט.

15 דאַן וועסטו אויפהויבען דיין געזיכט (ריין) פון אַ פלעק, און דו וועסט שטעהן פעסט און וועסט זיך ניט שרעקען.

16 דו וועסט דיינע ליידען פאַרגעסען, ווי וואַסער וואָס איז פאַרבייגעלאָפען וועסטו (זיי) דערמאָנען.

17 און העלער ווי דער מיטען פון טאָג וועט אויפשטעהן
דיין לעבען אויף דער וועלט, די פינסטערנים וועט
ווערען ווי דער מאָרגען.
18 און דו וועסט זיין זיכער אַז האָפענונג איז פאַראַנען,
דו וועסט מאַכען אַ גראָבען (אַרום זיך) און וועסט
זיך לייגען אין זיכערהייט.
19 און דו וועסט ליגען און קיינער וועט דיך ניט שרעקען,
און פיעל וועלען בעטען דיין לייטזעליגקייט.
20 און די אויגען פון די פאַרדאָרבענע וועלען אויסגעהן,
און זייער רעטונג איז פאַרלאָרען, און זייער האָפע־
נונג ווערט פאַרצווייפלונג.

קאפּיטעל יב.

1 און איוב האָט גענטפערט און האָט געזאָגט:
2 יא, איהר (נאָר אַליין) זייט דאָס פאָלק, און מיט אייך
וועט די קלוגהייט אָפּשטאַרבען!
3 איך האָב אויך אַ הערץ אַזוי ווי איהר. איך פאַל ניט
אַרונטער פון אייך. ביי וועמען איז אַזוינס ניטאָ?
4 איך בין ווי איינער וואָס ווערט פון זיין (אייגענעם)
פריינד אָפּגעלאַכט, וואָס רופט צו גאָט און ער ענט־
פערט איהם: דער אונשולדיגער פרומער איז (צום)
שפּאָט.
5 דעם אונגליקליכען קומט פעראַכטונג — לויט די
געדאַנקען פון דעם וואָס האָט קיין זאָרג ניט — זי
איז גרייט פאַר די וואָס זייערע פים וואַנקען.

6 רוהיג זיינען די געצעלטען פון רויבער, זיכערהייט האָבען די וועלכע דערצאָרענען גאָט און דער וועל־
כער טראָגט זיין גאָט — אין זיין פויסט.

7 אָבער פרעג נאָר די טהיערען און זיי וועלען דיר לערנען, דעם פויגעל פון הימעל און ער וועט דיר
זאָגען.

8 אָדער רייד צו דער ערד און זי וועט דיך באַלעהרען, און די פיש פון ים און זיי וועלען דיך דערצעהלען.

9 ווער פון די אַלע וויים ניט אַז די האַנד פון גאָט האָט דאָס געמאַכט ?

10 אַז אין זיין האַנד ליגט די זעעל פון אַלצדינג וואָס לעבט, און דער לעבענסהויך פון איטליכען מענ־
שען׳ס לייב ?

11 דאָס אויער קען דאָך ווערטער אונטערשיידען, ווי דער גומען — די שפייז וואָס איהם שמעקט.

12 ביי די אַלטע איז קלוגהייט פאַראַנען, און לאַנג־לעבען הייסט פאַרנונפטיגקייט.

13 ביי איהם איז קלוגהייט און שטאַרקייט, ביי איהם איז ראָטה און פאַרנונפטיגקייט.

14 ער צושטערט און עס קען מעהר ניט אויפגעבויט ווערען, ער שליסט אַ מענשען איין און עס קען
ניט געעפענט ווערען.

15 ער האַלט צוריק די וואַסערען און זיי ווערען אויסגע־

טריקענט, ער שיקט זיי אַרויס און זיי קעהרען אום
די ערד.
16 ביי איהם זיינען מאַכט און קלוגהייט, זיינע זיינען אי
דער פאַרפיהרטער אי דער פאַרפיהרער.
17 ער פאַרווירט די ראַטהגעבער און צודולט די ריכטער.
18 ער מאַכט לויז דעם באַנד פון די קיניגען און קניפּט
אַ גאַרטעל אַרום זייערע לענדען.
19 ער פיהרט די פּריסטער אַרום צומישטע און ער פאַר־
דרעהט די מעכטיגע.
20 ער טהוט אָפּ די שפּראַך פון די רעדנערס, און דעם
פאַרשטאַנד פון די אַלטע נעהמט ער אַוועק.
21 ער גיסט אויס פאַראַכטונג אויף מאַגנאַטען, און דעם
גאַרטעל פון די שטאַרקע מאַכט ער לויז.
22 ער דעקט אויף טיעפע זאַכען פון דער פינסטערניס,
ער ברינגט אַרויס אין ליכט דעם שאָטען פון דעם
טוידט.
23 ער מאַכט די פעלקער גרויס און ברינגט זיי אום, ער
שפּרייט אויס די נאַציאָנען און פיהרט זיי אַוועק.
24 ער נעהמט אַוועק דעם זינען ביי די פאָרשטעהער פון
דעם פאָלק פון לאַנד, און פאַרפיהרט זיי אין אַ
וויסטע וואו ס'איז קיין וועג ניטאָ.
25 זיי טאַפּען אין דער פינסטערניס אָהן ליכט, און ער
לאָזט זיי בלאָנדזשען ווי אַ באַטרונקענער.

## קאפּיטעל יג.

1 אַלין האָט דאָך מיין אויג געזעהן; מיין אויער האָט געהערט און האָט עס זיך געמערקט.
2 ווי איהר ווייסט ווייס איך אויך, איך פאַל ניט אַרונטער קעגען אייך.
3 אָבער איך וועל ריידען צו דעם אַלמעכטיגען, א וכוח פיהרען וועל איך מיט גאָט.
4 אָבער איהר זייט ליגען־קלעפּערס, פאַלשע דאָקטוירים זייט איהר אַלע.
5 ווען איהר וואָלט כאָטש געשוויגען וואָלט איך דאָס פאַר א חכמה גערעכענט געוואָרען.
6 הערט מיין טענה, דעם שטרייט פון מיינע ליפּען זאָלט איהר פאַרנעהמען.
7 צי ווילט איהר פון גאָט'ס וועגען זאָגען דאָס וואָס איז אונגערעכט? צי ווילט איהר פון זיינעטוועגען ריידען באַטרוג?
8 צי ווילט איהר איהם שאַנעווען? ווילט איהר זיך פאַר איהם קריגען?
9 וועט עס גוט זיין, ווען ער וועט אייך אויספאָרשען? וועט איהר איהם נאַרען ווי מע נאַרט אַ מענשען?
10 ער וועט אייך שטראָפען ווען איהר וועט איהם פאַר־באָרגענערהייד שאַנעווען.
11 זיין ערהאַבענהייט וועט אייך צוגרוילען, זיין שרעק וועט פאַלען אויף אייך.

12 אייערע שפּרוכען זיינען בלויז פּוסטע פּאַבעלען,
אייערע געשטעללען זיינען געשטעללען פון לעהם.
13 שווייגט שטיל קעגען מיר און ריידען וועל איך,
—זאָל פּאַסירען וואָס (עס וויל)!
14 ווארום זאָל איך ליידען (מיט) מיין פלייש פאַרביססען
צווישען מיינע צייהנער? — איך וועל איינשטעללען
מיין לעבען אין מיין האַנד.
15 ווען ער זאָל מיך אפילו טייטען וועלל איך דאָך אַלץ
פּאַרטרויען אויף איהם. אבער מיין אויפפיהרונג
וועלל איך איהם אויפּווייזען פאַר זיין געזיכט.
16 און ער וועט אויך מיר זיין אַ הילף. דען פאַר זיין
געזיכט קען קיין פאַלשער ניט קומען.
17 הערט זיך איין מיין וואָרט, זאָל מיין ערקלערונג אין
אייערע אויערען אַריין.
18 איך האָב צוזאַמענגעשטעלט (מיינע) טענות;
איך ווייס אַז איך וועלל אַרויסקומען גערעכט.
19 ווער איז דער וואָס וועט זיך מיט מיר האַמפּערען? —
ווען איך זאָל איצט שווייגען, וועלל איך אויסגעהן.
20 נאָר צוויי זאַכען זאָלסטו מיט מיר ניט טהאָן, דאַן
וועלל איך זיך ניט באַהאַלטען פון דיין געזיכט:
21 דערווייטער דיין האַנד פון מיר און דיין שרעק זאָל
מיך ניט גרוילען.
22 און רוף דו און איך וועל ענטפערען, אָדער איך וועל
ריידען און דו ענטפער מיר.

23 וויפיעל זיינען מיינע זינד און פאַרברעכען? לאָז
מיך וויססען מיינע זינד און מיינע חטאים.
24 וואָרום פאַרבערגסטו דיין געזיכט, וואָרום האַלטסטו
מיך פאַר דיין פיינד?
25 ווילסטו איינשרעקען אַ'ן אָבגעטרייסעלטע בלאַטט?
ווילסטו אַ טרוקענעם שטרוי פאַרפאָלגען,
26 וואָס דו שרייבסט קעגען מיר ביטערע (אורטהיילען)
און לעגסט אויף מיך אַרויף די זינד פון מיין יוגענד?
27 און דו טהוסט אַריין מיינע פיסס אין אַ שווערען
קלאָץ, און דו פּאַססט אויף אַללע מיינע וועגען און
דו גראָבסט זיך אַרום מיינע פוס־זוילען?
28 און ער (מיין קערפּער) צוקריכט ווי אַ פאַרפוילטע זאַך,
ווי אַ קלייד וואָס איהם האָט מאָיל צופרעסען.

קאַפּיטעל י"ד.

1 דער מענש, געבאָרען פון אַ פרויענצימער, האָט ווייניג
טעג און איז זאַט מיט קוממער.
2 ווי אַ בליהונג שפּראָצט ער אַרויס און ווערט פאַרשניט־
טען. ער אַנטלויפט ווי אַ שאַטטען און האָט ניט קיין
באַשטאַנד.
3 און אויף אַזעלכען האָסטו דיינע אויגען געעפענט?
און מיך ברינגסטו פאַר געריכט מיט דיר?
4 ווער קען פון אַן אונריינע (זאַך) מאַכען אַ ריינע? זיי
זיינען דאָך ניט איינס.

5 אויב זיינע טעג זיינען באַשטימטע, און ביי דיר איז די
צאָהל פון זיינע מאָנאַטען, און דו האָסט געמאַכט
זיין געזעץ וועלכען ער טאָר ניט איבערטרעטען —
6 דאַן קעהר זיך אָפּ פון איהם און ער זאָל אויפהערען
(לײדען), אום ער זאָל געניסען ווי דער געדונגענער
אַרבייטער זיין טאָג.
7 דען דער בוים האָט אַ האָפנונג: ווען ער ווערט אָפּגע־
שניטטען וועט ער זיך וויעדער באַנייען און זיין
צווייג וועט ניט אויפהערען;
8 ווען זיין וואָרצעל ווערט אַלט אין דער ערד און אין
שטויב שטאַרבט זיין שטאַמם —
9 פון דעם וואַסער'ס פייכט־גערוך וועט ער ווידער אויפ־
בליהען און וועט ארויסגעבען צווייגען, אַזוי ווי אַ
ניי־געפלאַנצטער.
10 און אַ מאַן גוסס'ט און ווערט שלאַף, און פאַרגאַנגען
איז דער מענש, און וואו איז ער?
11 די וואַסערען געהען אַוועג פון דעם ים, דער טייך
ווערט ליידיג און טריקענט אויס;
12 און דער מענש לעגט זיך און שטעהט ניט מעהר אויף
אַזוי לאַנג ווי די הימלען עקזיסטירען. זיי באַפּען זיך
מעהר ניט אויף און זיי ערוואַכען ניט מעהר פון
זייער שלאַף.
13 אָ, ווען דו וואָלסט מיך אין דער אונטערערד באַהאַל־
טען, ווען דו וואָלסט מיך פאַרבערגען ביז דיין צאָרן

וועט אָפּגעהן, מיר געבען אַ באַשטימטען טערמין
און דאַן זיך דערמאָהנען אָן מיר.

14 ווען דער מענש שטאַרבט, וועט ער דען ווידער אויפ־
לעבען? — איך וואָלט דאַן (דורך) אַללע מיינע
טעג פון אָפּקומענים געוואַרט ביז די צייט פון
מיין פאַרגעהן וועט קוממען.

15 דו וואָללסט מיך גערופען און איך וואָללט געענט־
פערט. דיר וואָלט זיך געלוסטען (זעהן) דאָס ווערק
פון דיינע הענד.

16 אָבער איצטער צעהלסט מיינע טריט, און דו
וואַרטסט (מיר) ניט פאַר מיין זינד.

17 אין אַ בייטעל פאַרזיגעלט איז מיין פאַרברעך און דו
לעגסט נאָך אַליך צו צו מיין זינד.

18 יא, אַ פאַלענדער באַרג ווערט צוריבען, אַ פעלז ווערט
אַוועגגערוקט פון זיין פּלאַטץ;

19 וואַססער צושייערט שטיינער, און דו שווענקסט אָוועג
(צוזאַמען מיט) דער ערד'ס שטויב איהרע געוויקסען,
און די האָפענונג פון דעם מענשען צערשטערסטו.

20 דו גרייפסט איהם אָן נאכאַנאַנד ביז ער געהט אַוועג,
דו פאַרענדערסט זיין געשטאַלט און שאַפסט איהם
אָפּ.

21 איוב זיינע קינדער ווערען געאַכטעט — ער ווייסס
עס ניט. איוב זיי ווערען גערינגגעשעצט, ער באַ־
מערקט זיי ניט.

22 בלויז זיין פלייש אויף איהם וועט פיהלען וועהטאָג און
זיין זעעל וועט אויף איהם טרויערען.

קאַפּיטעל ט"ו.

1 און אליפז דער תימני האָט געענטפערט און האָט געזאָגט:

2 דאַרף אַ קלוגער אַרויסזאָגען פּוסטע קענטעניסס, און אָנפּילען מיט מזרח־ווינד זיין בויך?

3 דאַרף ער דיספּוטירען מיט רייד וואָס נוצען ניט און מיט ווערטער וואָס קענען גאָרניט ווירקען?

4 דו אויך, פאַרניכטעסט (דיין) גאָטספאָרכטיגקייט און האַלטסט צוריק (דיין) געבעט פאַר גאָט.

5 דיין מויל לערנט (אונז) דיין זינד, און דו קלייבסט אויס די שפּראַך פון די איבערשפּיצטע.

6 דיין (אייגענער) מויל מאַכט דיך שולדיג, און ניט איך, דיינע ליפּען זאָגען עדות קעגען דיר.

7 ביזטו דען דער ערשטער מענש וואָס איז געבאָרען געוואָרען? ביזטו איידער די בערג באַשאַפען געוואָרען?

8 האָסטו דאָס געהיימניסס פון גאָט איינגעהאָרכט? האָסטו פאַר זיך צוגענומען די קלוגהייט?

9 וואָס (אַזוינס) ווייסטו, וואָס מיר ווייסען ניט? וואָס פאַרשטעהסטו, וואָס ביי אונז איז ניט פאַראַנען?

10 מיר האָבען צווישען אונז אי אַ גראָען מאַן אי אַ
גרייז מעהר באַטאָגט פון דיין פאטער.

11 זיינען פאַר דיר וועניג די דאָזיגע טרייסטונגען?
האָסט עפּעס אין געהיים ביי זיך?

12 וואו פאַרטראָגט דיך דיין הארץ, וואוהין ווינקען
דיינע אויגען?

13 דאָס דו קעהרסט אַקעגען גאָט דיין גייסט און לאָזט
אַרויס ווערטער פון דיין מויל?

14 וואָס איז דער מענש ער זאָל קענען ריין זיין? קען
דען זיין גערעכט דער וואָס איז געבאָרען פון אַ
פרויענצימער?

15 אין זיינע הייליגע אפילו האָט ער קיין צוטרוי ניט,
די הימעלען זיינען ניט ריין אין זיינע אויגען —

16 טאָ ווי שוין דער פאַראומרייניגטער, דער פאַרדאָר־
בענער, דער מענש וועלכער טרינקט אונגערעכטיג־
קייט ווי וואַסער?

17 איך וועל דיך לערנען און דו הער מיך אויס, און דאָס
וואָס איך האָב געזעהן וועלל איך דערצייהלען;

18 וואָס די קלוגע פאַרלייקענען ניט און גיבען איבער
פון זייערע עלטערען

19 וואָס צו זיי אַליין איז די ערד געגעבען געוואָרען און
קיין פרעמדער איז צווישען זיי ניט געקומען: —

20 דער שלעכטער קייקעלט זיך (פון וועהטאָג) אַלע זיינע

טעג, אַ געוויססע צאָהל פון יאָהרען בלויז איז אָנ־
געברייט פאַר דעם אונטערדריקער.

21 אַ שטיממע פון שרעקען איז אין זיינע אויערען, אין
מיטטען פון פריעדען וועט אַ רויבער קומען צו איהם.

22 ער איז ניט זיכער אז ער וועט זיך אומקעהרען פון
דער פינסטערניס, אויף איהם קוקט אויס דער
שווערד.

23 ער וואַנדערט אַרום נאָך ברויט: אַוואו איז עס? ער
ווייסס אַז אָנגעברייט ביי זיין האַנד איז דער טאָג פון
פינסטערניס.

24 איהם שרעקען נויט און קלעמעניס, זיי גרייפען איהם
אָן אַזוי ווי (עס גרייפט אָן) אַ קיניג געגרייט צום
שלאַכט־געטומעל.

25 דען ער האָט אויסגעשטרעקט קעגען גאָט זיין האַנד,
קעגען דעם אַלמעכטיגען האָט ער זיך געשטעלט.

26 ער איז אַקעגען איהם געלאָפען מיט אַ (שטאָלצען)
האַלז, מיט דעם דיקען רוקען פון זיינע שילדען.

27 ער האָט פאַרדעקט זיין געזיכט מיט שמאַלץ און האָט
אָנגעזאַמעלט פעטס אויף זיינע לענדען.

28 ער האָט געוואוהנט אין צושטערטע שטעדט, אין
הייזער אונבאַוואוהנטע וועלכע האָבען זיך שוין
אָנגעברייט אין חורבות (צו פאַלען).

29 ער וועט רייך ניט בלייבען, זיין פאַרמעגען וועט ניט

באשטעהן, זייער איגענטום וועט זיך ניט פאר־
שפרייטען אויף דער ערד.
30 ער וועט ניט ארויס פון פינסטערניס, זיין צווייג וועט
א פייער־פלאם פארטריקענען און ער וועט פאר־
שווינדען מיט דעם אטהעם פון (גאט'ס) מויל.
31 זאל זיך ניט פארלאזען אויף באטרוג דער פאר־
בלאנדזשעטער, דען באטרוג וועט זיין, זיין באלויה־
נונג.
32 נאך איידער זיין טאג (קומט) וועט ער פארשניטטען
ווערען, און זיין צווייג וועט ניט זיין גרין.
33 אזוי ווי א וויינשטאק וועט ער ארונטערטרייסלען
זיינע ניט־פארטיגע טרויבען, ווי א טייטעלבוים
וועט ער ארונטערווארפען זיין בליהונג.
34 דען די פארזאמלונג פון די פאלשע וועט בלייבען
וויסט און א פייער פארצעהרט די געצעלטען פון
שוחד.
35 זיי טראגען אומרוה און זיי געבערען אונרעכט. זייער
בויך גרייט אן באטרוג.

קאפיטעל טז.

1 און איוב האט געענטפערט און האט געזאגט:
2 איך האב געהערט פיעל אזעלכע (זאכען), לעסטיגע
טרייסטער זייט איהר אלע.
3 וועט נעהמען א'ן ענד צו די לופטיגע רייד? — וואס
טרייבט דיך אן דו זאלסט מיך ענטפערען? —

4 איך וואָלט אויך גערעדט אַזוי ווי איהר ווען אייער זעעל
וואָלט געווען אויף דעם פּלאַטץ פון מיינער, איך
וואָלט אויף אייך געזאַמעלט ווערטער, און וואָלט
אויף אייך געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.
5 איך וואָלט אייך געקרעפטיגט מיט מיין מויל, און די
באַדויערונג פון מיינע ליפּען וואָלט צוריקגעהאַלטען
(אייער וועהטאָג). —
6 אויב איך וועל ריידען וועט מיין שמערץ ניט פאַרהאַל־
טען ווערען, און ווען איך זאָל אויפהערען, וואָס וועט
מיר אָפּגעהן ? —
7 איצטער האָט ער מיך אויסגעמאַטערט. — דו האָסט
פאַרוויסט מיין גאַנצע געזעלשאַפט !
8 דו האָסט מיך מיט קנייטשען באַדעקט. דאָס איז מיין
עדות. מיין מאָגערקייט אויף מיין געזיכט רעדט (פאַר
מיך).
9 זיין צאָרען האָט (מיך) פאַרצוקט, ער האָט מיך פאַר־
האַסט, ער קריצט אויף מיך מיט די צייהנער. מיין
פיינד שלייפט אויף מיך זיינע אויגען.
10 זיי האָבען אויפגעריסען אַקעגען מיך זייער מויל. זיי
שלאָגען מיינע באַקען מיט פאָרוואורף. זיי בונטע־
ווען זיך צוזאַמען קעגען מיר.
11 גאָט האָט מיך איבערגעגעבען צו דעם נידערטרעכ־
טיגען, און די הענד פון די שלעכטע האָט ער מיך
אַריינגעוואָרפען.

12 רוהיג בין איך געווען און ער האָט מיך צוברעקעלט,
ער האָט מיך אָנגענומען פאַר'ן נאַקען און האָט מיך
צושמעטערט, און האָט מיך אַוועקגעשטעלט אַלס
ציעל פאַר זיך.
13 זיינע פיילענשיסערס רינגלען מיך אַרום, ער צושפּאַלט
מיינע ניערען און האָט קיין מיטלייד ניט, ער גיסט
אויס אויף דער ערד מיין גאַל.
14 ער צוברעכט מיך מיט בראָך אויף בראָך, ער לויפט
קעגען מיר אַזוי ווי אַ שטאַרקער (קריגער).
15 איך האָב אויפגענייהט אַ זאַק־קלייד אויף מיין הויט,
מיין שטאָלץ האָב איך אין אַש אַריינגעלעגט.
16 מיין געזיכט איז רויט פון געוויין, אויף מיינע ברעמען
איז דער שאָטען פון טויט.
17 (און אַלץ) ווייל, קיין אונרעכט איז ניטאָ אין מיינע
הענד און מיין געבעט איז ריין. —
18 אָ ערד, דעק ניט צו מיין בלוט, זאָל פאַר מיין געשריי
קיין אָרט זיך ניט געפינען.
19 איצט אויך איז אין הימעל מיין עדות און מיין באַוויז
איז אין דער הויך.
20 מיינע גערדאַנקען זיינען מיינע פאַרטהיידיגער. צו
גאָט טריפט מיין אויג.
21 אָ ווען אַ מענש וואָלט געקענט טענה'ן מיט גאָט אַזוי
ווי איין מענשען־קינד מיט אַ צווייטען! —
22 די געצעהלטע יאָהרען וועלען פאַרבייגעהן און איך

וועל געהן אויף אַ וועג פון וועלכען איך וועל זיך
מעהר ניט אומקעהרען.

קאפיטעל יז.

1 מיין געמיטה איז צובראָכען, מיינע טעג זיינען פאַר־
לאָשען, פאַר מיר (שטעהען בלויז) טויטענגריבער.
2 (מאַכען זיי) ניט שפּאַס מיט מיר? — און רוהט ניט
מיין אויג אויף זייערע באַליידיגונגען?
3 לעג צו (דיין אויפמערקזאַמקייט), זיי אַליין ביי זיך
מיין גוט־זאָגער, ווער דען וועט מיר געבען די האַנד
(אַלס גוטזאָגער)?
4 דו האָסט זייער הערץ פאַרבאָרגען פון פאַרשטאַנד,
דאַריבער ווערסטו דורך זיי ניט דערהויבען.
5 שמייכעל־ווערטער בלויז רעדט יעדער צו זיינע פריינד.
זאָלען די אויגען פון זיינע קינדער אויסגעהן! —
6 ער האָט מיך אַוועקגעשטעלט פאַר דעם שפּאָט פון די
פעלקער, איך בין געוואָרען עפענטליך אַ׳ן אַבשיי־
ליכע זאַך.
7 פון קומער איז מיין אויג טונקעל געוואָרען, מיינע
גליעדער זיינען אַלע ווי אַ שאָטען.
8 די עהרליכע מוזען דאַרויף שטוינען, און דער אונשול־
דיגער מוז אויפגערעגט ווערען קעגען דעם פאַלשען.
9 דאָך וועט דער גערעכטיגער זיך האַלטען ביי זיין וועג
און דער וואָס האָט ריינע הענד וועט נאָך קריגען
מעהר מוטה.

10 אָבער איהר אַלע קומט נאָר אַהער צוריק! איך קען צווישען אייך ניט געפינען קיין קלוגען.
11 מיינע טעג זיינען פאַרגאַנגען, צוריסען זיינען מיינע געדאַנקען — די אייגענטהימער פון מיין הערצען.
12 זיי מאַכען פון נאַכט טאָג, און נאָהנטעס ליכט — פון פינסטערניס.
13 קען איך דען האָפען? די אונטערערד איז מיין הויז, אין דער פינסטערניס מוז איך אויסבעטען מיין געלעגער.
14 איך רוף די גרוב מיין פאָטער, מיין מוטער און מיין שוועסטער זיינען די ווערעם.
15 וואו איז מיין האָפענונג דען? מיין ערוואַרטונג — ווער וועט זי אָנזעהן?
16 אין דער אונטערערד וועלען זיי אַרונטערשטייגען, צוזאַמען אין שטויב (וועלען זיי געפינען) רוה.

קאַפּיטעל יח.

1 און געענטפערט האָט בלדד דער שוחי און האָט געזאָגט:
2 ווען וועט איהר מאַכען אַ׳ן ענד צו די ווערטער? פאַר־שטעהט צוערשט און דערנאָך וועלען מיר ריידען.
3 פאַר וואָס ווערען מיר גערעכענט ווי די בהמות, וואָרום זיינען מיר אונריין אין אייערע אויגען?
4 דו וועלכער פאַרצוקסט דיין אייגען לעבען אין דיין

צאָרען — זאָל צוליעב דיר די ערד פערוויסט ווערען?
זאָל דער פעלז פאַררוקט ווערען פון זיין פלאַטץ?
5 יא, דאָס ליכט פון די שלעכטע וועט פאַרלאָשען ווערען,
און עס וועט ניט לייכטען דער פונק פון זייער פייער.
6 די ליכטיגקייט וועט דונקעל ווערען אין זיין געצעלט,
זיין ליכט'ל וועט איהם אויסגעלאָשען ווערען.
7 זיינע שטאַרקע טריט וועלען פאַראייננגט ווערען און
זיין ראַטה וועט איהם פאַרלאָזען.
8 דען ער ווערט אַריינגעוואָרפען אין דער נעץ דורך זיינע
אייגענע פיס, און ער געהט אויף אַ פאַסטקע.
9 די נעץ וועט פאַרצעפּען זיין פוס־זויל, און דאָס גע־
פלעכט וועט איהם פעסט צוהאַלטען.
10 זיין פעטליע איז אין דער ערד בעהאַלטען און זיין
פאַל־שטריק ליגט אויפ'ן שטעג.
11 אַרום גרוילען איהם שרעקעניסען אָן און טרייבען
איהם אויף זיינע פיס.
12 הונגעריג וועט זיין זיין ערשט־געבאָרענער, און דער
בראָך שטעהט איהם אָנגעגרייט ביי זיין זייט.
13 עס וועט פאַרצעהרען די טהיילען פון זיין הויט, עס
וועט פאַרצעהרען זיינע גליעדער דער ערשט־
געבאָרענער פון טויט.
14 זיין זיכערהייט וועט אַוועקגעריסען ווערען פון זיין
געצעלט, און עס וועט איהם אַוועקטרייבען צו דעם
קיניג פון שרעקעניסען.

15 (דאָס אונגליק) וועט וואָוהנען אין זיין געצעלט, דען
עס איז ניט זיינס, און שוועבעל וועט פאַרשפּרייט
ווערען אויף זיין וואָוהנונג.
16 אונטען וועלען זיינע וואָרצלען פאַרטריקענט ווערען,
און אויבען וועט פאַרשניטען ווערען זיין צווייג.
17 זיין זכר ווערט פאַרלאָרען פון דער ערד, ער האָט קיין
נאָמען ניט אויף דער וועלט.
18 מע וועט איהם אַרויסשטויסען פון ליכט אין פינסטער־
ניס, פון דער וועלט וועט מען איהם פאַרוואָגלען.
19 ער האָט קיין זוהן און קיין איניקעל ניט צווישען
זיין פאָלק, קיינער בלייבט ניט איבער אין זיינע
וואָוהנונגען.
20 אויף זיין (שלעכטען) טאָג וועלען די שפּעטער־
קומענדע ערשטוינט ווערען, די פריהער געקומענע
האָט אַ שוידער אָנגענומען.
21 יא, אַזעלכע זיינען די וואָוהנונגען פון דעם נידער־
טרעכטיגען, דאָס איז דער פּלאַטץ פון דעם וואָס
האָט גאָט ניט געקענט.

## קאפּיטעל יט.

1 און איוב האָט געענטפערט און האָט געזאָגט :
2 ווי לאַנג נאָך וועט איהר באַטריבען מיין זעעל און מיך
מיט ווערטער צודריקען ?
3 שוין צעהן מאָל האָט איהר מיך באַליידיגט, איהר

שעמט זיך גאָר ניט, איהר וועיזט זיך ווי פרעמדע
אַרויס קעגען מיר.
4 אויב איך האָב שוין יא פאַרזעהן, דאַן וועט מיין פאַר־
זעהן בלייבען ביי מיר.
5 אויב איהר ווילט ווירקליך זיך גרויסען איבער מיר
און ווילט מיר פאַרוואַרפען מיין שאַנד —
6 דאַן זאָלט איהר וויסען אַז גאָט האָט מיך געקריוודעט,
און ער האָט זיין נעץ אַרומגעשטעלט אַרום מיך.
7 איך שריי אויס קעגען די געוואַלד־טהאַט און איך ווער
ניט געענטפערט, איך רוף (נאָך הילף) און ס'איז קיין
גערעכטיגקייט ניט פאַראַנען.
8 ער האָט פאַרצאַהמט מיין וועג און איך קען ניט דורכ־
געהן, און פינסטערניס האָט ער אַרויפגעלעגט אויף
מיינע שטעגען.
9 ער האָט מיין עהרע אַהונטערגעצויגען פון מיר, ער
האָט אַראָפּגענומען די קרוין פון מיין קאָפּ.
10 ער האָט מיך רונד אַרום צובראָכען און איך געה אויס,
ער האָט ווי אַ בוים אויסגעוואָרצעלט מיין האָפענונג.
11 זיין צאָרען האָט זיך צוברענט אויף מיר און ער האַלט
מיך אַזוי ווי (איינעם פון) זיינע פיינד.
12 זיינע פאָלקען קומען צוזאַמען און טרעטען אויס זייער
וועג קעגען מיר און לאַגערען ארום מיין געצעלט.
13 מיינע ברידער האָט ער פון מיר דערווייטערט, מיינע
באַקאַנטע זיינען צו מיר פרעמד געוואָרען.

14 מיינע פאַרוואַנדטע האָבען אויפגעהערט (צו קומען), מיינע גוטע פריינד האָבען מיך פארגעסען.

15 די איינוואָוהנער פון מיין הויז, מיינע דיענסטען אפילו האַלטען מיך פאַר אַ פרעמדען, א ווילד־פרעמדער בין איך געוואָרען ביי זיי אין די אויגען.

16 איך רוף מיין קנעכט און ער ענטפערט ניט, איך בעט זיך ביי איהם מיט מיין מויל.

17 מיין אָטהעם איז אָפּשטויסענד געוואָרען צו מיין פרוי, און איך בעט זיך ביי די קינדער פון מיין (אייגענעם) לייב.

18 אינגלעך אפילו פאַראַכטען מיך, איך שטעל זיך אויף און זיי ריידען מיר אַקעגען.

19 אַלע מיינע פאַרטרויטע פריינד עקלען זיך מיט מיר, די וועלכע איך האָב ליעב געהאַט, האָבען זיך געקעהרט קעגען מיר.

20 צו מיין הויט און צו מיין פלייש האָט זיך צוגעקלעפּט מיין געביין, איך בין אַרויס (קוים) מיט די יאָסלעס פון מיינע צייהנער.

21 האָט מיטלייד אויף מיך! האָט מיטלייד אויף מיך איהר, מיינע פריינד, דען די האַנד פון גאָט האָט מיך אָנגעגריפען.

22 ווארום פערפאָלגט איהר מיך אַזוי ווי גאָט, און קענט זיך ניט זעטיגען מיט מיין פלייש?

23 אָ, ווען מיינע ווערטער זאָלען פאַרשריבען ווערען! אָ
ווען זיי וואָלטען אין אַ בוך פערצייכענט ווערען,
24 מיט אַ גריפעל פון אייזען און בליי אויף אייביג אין
פעלז אויסגעקריצט ווערען. —
25 און איך ווייס אַז מיין אויסלייזער לעבט, און וועט
דער לעצטער בלייבען אויף דער ערד.
26 ווען זיי וועלען האָבען צושטערט מיין הויט (וועט
דאָס (זיין), און (באַפרייט) פון מיין פלייש, וועל איך
דערזעהן גאָט.
27 איך אַליין וועל זעהן, און מיינע אויגען וועלען אָנקו־
קען און ניט אַ פרעמדער. מיינע ניערען אין מיין לייב
געהען אויס (צו זעהן יענעם טאָג).
28 איהר זאָגט: ווי זאָלען מיר איהם פאַרפאָלגען? (דענ־
קענדיג) אַז דער וואָרצעל פון דער זאַך איז אין מיר —
29 שרעקט זיך פאַר׳ן שווערד, דען צאָרען איז אַ זינד
וואָס ברינגט דעם שווערד. איהר זאָלט וויסען אַז עס
איז דאָ אַ געריכט.

## קאפּיטעל כ.

1 און געענטפערט האָט צופר דער נעמתי און האָט
געזאָגט:
2 דאַריבער צווינגען מיך מיינע געדאַנקען צו ענטפערען,
צוליעב די אונגעדולד פון מיינע געפיהלען אין מיר.
3 איך הער דעם פאַרוואורף פון מיין שאַנד, און אַ גייסט
פון מיין פאַרשטאַנד רופט אויס צו מיר.

4 דו ווייסט עס דאָך, (עס איז) פון אייביג אָן, זינט דער באַשאַפונג פון דעם מענשען אויף דער ערד.

5 דער טריאומף־געזאַנג פון די שלעכטע איז בלויז קורץ, די פרייד פון די פאַלשע בלויז אַ ווײַלע.

6 ווען ביז׳ן הימעל זאָל דערגרייכען זיין גרויסקייט, ווען זיין קאָפּ זאָל די וואָלקענס אָנשפּאַרען —

7 ווי זיין אייגען מיסט וועט ער פאַרלאָרען געהן אויף אייביג. די וועלכע האָבען איהם געזעהן וועלען זאָגען: וואו איז ער?

8 ווי אַ טרוים פליהט ער אַוועק און זיי וועלען איהם ניט געפינען, ער פאַרגעהט ווי אַ זעהונג פון דער נאַכט.

9 דאָס אויג וואָס האָט איהם אָנגעקוקט וועט איהם ניט ווידערזעהן, און זיין פּלאַץ וועט איהם מעהר ניט אָנבליקען.

10 זיינע קינדער וועלען (זוכען צו) באַפרידיגען די פאַר־אָרעמטע, און זיינע אייגענע הענד וועלען אָפּגעבען צוריק זיין (אָנגעראַבעװעט) פאַרמעגען.

11 זיינעביינער מעגען פול זיין מיט יוגענד־קראַפט, זי וועט מיט איהם זיך לייגען אין דער ערד.

12 ווען דאָס שלעכטע פלעגט זיס זיין אין זיין מויל, פלעגט ער עס באַהאַלטען אונטער דער צונג.

13 ער פלעגט עס שוינען און ניט אָפּלאָזען, ער פלעגט עס צוהאַלטען אויף זיין גומען. —

14 (אָבער) זיין שפּייז אין זיינע געדערעם איז פֿאַרוואַנ־
דעלט געוואָרען, דער גיפט פון שלאַנגען איז אינע־
וועניג ביי איהם.

15 דאָס פֿאַרמעגען וואָס ער האָט פֿאַרשלונגען וועט ער
אויסברעכען, פון זיין בויך וועט עס גאָט אַרויס־
טרייבען.

16 ער וועט זויגען די גיפט פון עספּען־שלאַנגען, איהם
וועט טויטען די צונג פון פּיפּערנאָטער.

17 ער וועט ניט אָנזעהן די בעכען, די טייכען און די
פלוסען פון האָניג און פון מילך.

18 ער גיט אָפּ צוריק וואָס ער האָט אָנגעהאָרעוועט, ער
שלינגט עס ניט אַרונטער. וויפיעל ער פֿאַרמאָגט
(וועט ער אָפּגעבען), און ער וועט זיך דערמיט ניט
אָנפרעהען.

19 דען ער האָט אונטערדריקט און פֿאַרלאָזען די אָרעמע,
ער האָט דאָס הויז גערויבט און האָט עס (אַליין) ניט
געבויט.

20 ווייל ער האָט קיין רוה ניט געהאַט אין זיין לייב,
דאַריבער זאָל ער (גאָרנישט) ראַטעווען פון זיין
טהייערסטעס.

21 פון זיין פרעסעריי פלעגט קיין זאַך ניט איבערבליי־
בען, דאַריבער זאָל זיין רייכטהום ניט באַגליקען. —

22 ווען ער וועט זיך זאַט אָנפילען, דאַן וועט איהם איינג

ווערען, די האַנד פון יעדען פּאַראונגליקטען וועט
איהם דערגרייכען.

23 ווען ער וועט האַלטען ביי׳ן אָנפילען זיין בויך וועט ער
(גאָט) אָנשיקען אויף איהם זיין גרימצאָרען און ער
וועט אויף איהם אַרונטעררעגענען זיין (גאָט׳ס)
שפּייז.

24 ער וועט אַנטלויפען פון דעם אייזערנעם וואַפען, וועט
איהם דורכלעכערען דער בויגען פון קופּער.

25 ער ציהט און עס קומט אַרויס פון (זיין) לייב — אַ בלי־
צענדער (שווערד) קומט אַרויס פון זיין גאַל, שרעקען
(פאַלען אָן) אויף איהם.

26 אַלע פינסטערניסען ליגען באַהאַלטען אין זיינע פאַר־
באָרגענע ווינקלען, אַ פייער, וואָס קיינער האָט ניט
אויפגעבלאָזען, וועט איהם פאַרצעהרען. עס וועט
צושטערען יעדען וועלכער איז איבערגעבליבען אין
זיין געצעלט.

27 די הימלען ווערען אויפדעקען זיין זינד, און די ערד
שטעלט זיך אויף קעגען איהם.

28 פאַרוואָגעלט ווערען וועט די פרוכט פון זיין הויז, אַלצ־
דינג ווערט צורונען אין דעם טאָג פון זיין (גאָט׳ס)
צאָרען.

29 דאָס איז די פּאָרציע וואָס דער פאַרדאָרבענער מענש
קריגט פון גאָט, דאָס איז די גאָב וואָס ער קריגט
פון גאָט׳ס אורטהייל.

## קאַפּיטעל כא.

1 און איוב האָט געענטפֿערט און האָט געזאָגט:
2 אָ הערט מיין וואָרט און זאָל דאָס זיין די טרייסטונג אייערע (וואָס איהר זאָלט מיר געבען).
3 האָט געדולד מיט מיר און איך וועל ריידען, און נאָך מיין ריידען וועט איהר מאַכען שפּאָס.
4 האָב איך דען קעגען אַ מענשען אַ קלאַגע? — וואָרום זאָל מיין געדולד ניט פּלאַצען?
5 קעהרט זיך צו מיר און ווערט ערשטוינט, לעגט אַרויף די האַנד צום מויל.
6 ווען איך דערמאָן זיך ווער איך דערשראָקען, אַ ציטער־ניס נעהמט אָן מיין פלייש.
7 וואָרום לעבען די וואָס טהוען שלעכטס, זיי עלטערען זיך און ווערען רייך?
8 זייערע קינדער שטעהען נעבען זיי, זייערע שפּראָצונ־גען (זיינען) פאַר זייערע אויגען.
9 זייערע הייזער זיינען זיכער פון שרעקען, און די רוטה פון גאָט (פאַלט) ניט אויף זיי.
10 זיין אָקס באַפרוכפּערט און פאַרפעהלט ניט, זיין קוה קעלבט זיך און פאַרוואַרפט ניט.
11 זיי שיקען זייער יונגוואַרג אַרויס ווי די לעמער, זייערע קינדערלעך שפּרינגען (לוסטיג) אַרום.
12 זיי נעהמען פּויק און הארף, און מאַכען זיך לוסטיג צו דעם קלאַנג פון דער פלייט.

13 זיי פאַרברינגען זייערע טעג אין וואָוהלטאָג און אין
אַ רגע (אָהן לאַנגע מאַטערנים) געהען זיי אין
גרוב אַריין.
14 און זיי זאָגען צו גאָט: קעהר זיך אָפּ פון אונז, מיר
ווילען ניט די קענטענים פון דיינע וועגען.
15 ווער איז דער אַלמעכטיגער, מיר זאָלען איהם דיענען?
וואָס פאַר אַ נוץ וועלען מיר האָבען ווען מיר וועלען
בעטען צו איהם? —
16 אָבער ניט אין זייער האַנד איז זייער גליק, דער געדאַנ־
קען פון די פאַרדאָרבענע איז ווייט פון מיר.
17 ווי אָפט ווערט דאָס ליכט פון די שלעכטע אויסגע־
לאָשען און עס קומט אויף זיי זייער בראָך, און וועה־
מאָגען טהיילט ער (גאָט) זיי אין זיין צאָרען איין.
18 זיי ווערען אַזוי ווי שטרוי פאַר'ן ווינד, אַזוי ווי שפּריי
וואָס דער שטורעם האָט איהם צוגעכאַפּט.
19 גאָט באַהאַלט זיין אונגערעכטיגקייט פאַר זיינע קינ־
דער, ער וועט איהם (אויך) באַצאָהלען און ער וועט
עס ווישען.
20 זיינע אויגען וועלען צוזעהן זיין אונטערגאַנג, פון דעם
אַלמעכטיגענ'ס צאָרען וועט ער טרינקען.
21 וואָס פאַר אַ נוץ האָט ער פון זיין הויז (וואָס ער לאָזט)
נאָך זיך ווען די צאָהל פון זיינע מאָנאַטען זיינען
באַשטימט געוואָרען?

22 קען (עמיצער) לערנען קענטענים צו גאָט, וועלכער אורטהיילט די העכסטע ? —

23 דער שטאַרבט אין זיין פולער שטאַרקייט, רוהיג און זאָרגלאָז ;

24 זיינע געפּעסען זיינען פול מיט מילך, און זאַפטיג איז די מאַרך פון זיינע ביינער.

25 און דער שטאַרבט מיט אַ פאַרביטערטע זעעל און האָט קיין גוטס ניט גענאָסען.

26 צוזאַמען ליגען זיי אין שטויב און דער וואָרעם דעקט זיי צו. —

27 איך וויים דאָך אייערע געדאַנקען און די פּלענער וואָס איהר מאַכט אום מיך צו אונטערדריקען. —

28 איהר זאָגט : וואו איז דאָס הויז פון דעם מאַגנאַט ? וואו איז דאָס געצעלט אין וועלכען דער פאַרדאָרבענער מענש האָט געוואָוהנט ? —

29 האָט איהר דען ניט געפרעגט ביי די דורכפאָהרער ? זייערע באַווייזען קענט איהר ניט פאַרלייקענען.

30 פאַר דעם טאָג פון אונגליק ווערט דער שלעכטער געהאַלטען, זיי ווערען געפיהרט צו דעם טאָג פון צאָרען.

31 ווער וועט איהם אָבער אין געזיכט פאָרוואַרפען זיין אויפפיהרונג ? און ווער וועט איהם באַצאָהלען וואָס ער האָט געטהאָן ?

32 ער וועט צום קבר געבראַכט ווערען, און זיין ערד־
הויפען וועט ער ליגען.
33 זים זיינען איהם די שטיקער־ ערד פון טהאָל. נאָך
איהם וועלען אַלע מענשען קומען, און פאַר איהם
(זיינען שוין געקומען) אָהן אַ צאָהל.
34 וואָס טרייסט איהר מיך דען (מיט) גאָר נישט ? און
אייערע ענטפערען זיינען בלויז באַטרוג.

קאַפּיטעל כב.

1 און געענטפערט האָט אליפז דער תימני און האָט
געזאָגט :
2 קען דען דער מענש נוצען גאָט ? דער פאַרשטענדיגער
נוצט בלויז זיך אַליין.
3 האָט דען גאָט אַ נוץ דערפון וואָס דו ביזט גערעכטיג,
צי געווינט ער דערביי ווען דיינע וועגען זיינען פרום?
4 צי ווייל ער האָט מורא פאַר דיר שטראָפט ער דיך ?
צי געהט ער מיט דיר פאַר געריכט ?
5 דיינע שלעכטע טהאַטען זיינען פיעל, און קיין ענד איז
ניטאָ צו דיינע זינד.
6 דו האָסט גענומען אַ משכון ביי דיינע ברידער אומזיסט,
פון די נאַקעטע האָסטו די קליידער אַרונטערגע־
צויגען.
7 קיין וואַסער צו טרינקען האָסטו דעם מידען ניט געגע־
בען, פון דעם הונגעריגען האָסטו צוריקגעהאַלטען
ברויט.

8 צו דעם מאַן מיט'ן (שטאַרקען) אָרעם האָט בעלאָנגט
די ערד, (בלויז) דער אָנגעזעהענער מאַן האָט
געמעגט אויף איהר וואָוהנען.
9 און די אלמנה האָסטו אַוועקגעשיקט מיט ליידיגען, און
די אָרעמס פון די יתומים זיינען צודריקט געוואָרען.
10 דאַריבער (ליגען) נעצען אַרום דיר און דיך גרוילט
אַ פּלוצלינגער שרעק,
11 ענטוועדער אַ פינסטערניס און דו זעהסט ניט מעהר,
אָדער אַ פליייצונג פון וואַסער פאַרדעקט דיך.
12 גאָט איז דאָך אין דער הויכקייט פון די הימלען, דו
זעהסט דעם שפּיץ פון די שטערען, ווי הויך זיי
זיינען,
13 און דו זאָגסט : וואָס ווייס גאָט ? צי קען ער פון הינ־
טער די נעבעלס אורטהיילען ?
14 די וואָלקענס פאַרשטעלען איהם און ער קען ניט
זעהן. אויף דעם געוועלב פון הימעל שפּאַצירט ער
אַרום. —
15 האָסטו אויפגעפּאַסט דעם וועג אויף וועלכען עס
האָבען פון אייביג אָן געטראָטען די מענער פון אונ־
גערעכטיגקייט,
16 וועלכע זיינען צוקנייטשט געוואָרען פאַר דער צייט
און אַ טייך האָט פאַרפלייצט זייער פונדאַמענט ?
17 וועלכע האָבען געזאָגט צו גאָט : קעהר זיך אָפּ פון
אונז ? וואָס קען דער אַלמעכטיגער טהאָן פאַר זיי ?





18 דאָך ער האָט עס אָנגעפילט זייערע הייזער מיט גוטס. — דער געדאַנקען פון די פאַרדאָרבענע איז ווייט פון מיר.

19 די גערעכטיגע וועלען צוזעהן און וועלען זיך פרעהען, דער אונשולדיגער וועט שפּאָטען פון זיי.

20 איז דען ניט אונזער פיינד פאַרטיליגט געוואָרען? זייער גרויסקייט האָט דאָס פייער פאַרצעהרט.

21 ווער באַקאַנט מיט איהם (גאָט) און דו וועסט לעבען אין פרידען; דורך דעם וועט קומען גוטס אויף דיר.

22 נעהם דיין לעהרע פון זיין מויל, לעג אַריין זיינע ווערטער ביי דיר אין הערצען.

23 ווען דו וועסט זיך אומקעהרען צו דעם אַלמעכטיגען וועסטו אויפגעריכט ווערען — דו זאָלסט נאָר דער־ווייטערען די אונגערעכטיגקייט פון דיינע געצעלטען.

24 וואַרף אין שטויב דיינע טהייערע מעטאַלען, און ביי די פעלזען פון טייך — דיין אופיר גאָלד.

25 און דער אַלמעכטיגער זאָל זיין דיין טהייערער מעטאַל, דיין העל־שיינענדער זילבער זאָל ער זיין,

26 דאַן וועסטו קוועלען פון דעם אַלמעכטיגען, דו וועסט אויפהויבען צו גאָט דיין געזיכט.

27 דו וועסט בעטען ביי איהם און ער וועט דיך צוהערען דען דיינע פאַרשפּרעכונגען (צו גאָט) וועסטו באַצאָהלען.

28 דו וועסט באַשליסען אַ זאַך און זי וועט דיר ערפילט

ווערען, און איבער דיינע וועגען וועט שיינען אַ
ליכטיגקייט.

29 (דעם) וואָס מע האָט ערנידעריגט וועסטו הייסען (ער
זאָל) דערהויבט ווערען, און דעם וואָס האָט אַראָפּ־
געבויגט די אויגען דעם וועט (גאָט) העלפען.

30 ער וועט רעטען (אפילו) דעם ניט־אונשולדיגען, וועל־
כער וועט גערעטעט ווערען צוליעב די ריינקייט פון
דיינע הענד.

קאפּיטעל כג.

1 און איוב האָט געענטפערט און האָט געזאָגט:
2 היינט אויך איז ביטער מיין קלאָג, מיין אונגליק איז
שווערער פון מיין קרעכץ.
3 ווען איך זאָל וויסען וואו איך קען איהם געפינען? ווען
איך זאָל קענען צוקומען צו זיין וואָוהנונג!
4 איך וואָלט פאַר איהם פאָרגעלעגט מיין משפּט, און
איך וואָלט מיין מויל אָנגעפילט מיט טענות.
5 איך וואָלט גערן וויסען די ווערטער וועלכע ער וואָלט
מיר ענטפערען, איך וואָלט גערן פאַרשטעהן וואָס
ער וואָלט מיר זאָגען.
6 צי מיט גרויס שטאַרקייט וועט ער מיט מיר שטרייטען?
— ניין! — אָבער ער וועט לייגען (אויפמערקזאַמ־
קייט) אויף מיך. —
7 דאָרט קען דער עהרליכער דיספּוטירען מיט איהם,

און איך וואָלט אויף אימער באַפרייט ווערען דורך
מיין ריכטער.
8 אָבער איך געה צו מזרח און ער איז ניטאָ, צו מערב —
און איך מערק איהם ניט.
9 וועןְ ער טהוט אויף (זאַכען) אין צפון זעה איך איהם
ניט, ער בעהאַלט זיך אין דרום און איך קריג איהם
ניט אָנצוקוקען. —
10 אָבער ער ווייס מיין אויפפיהרונג, ער האָט מיך פּרוּ־
בירט און איך בין ווי גאָלד אַרויס.
11 אין זיינע טריט האַלט זיך מיין פוס, זיין וועג היט
איך און נייג זיך ניט אָפּ.
12 פון דעם באַפעהל פון זיינע ליפּען האָב איך זיך ניט
אָפּגעקעהרט, מעהר ווי מיין טעגליכע שפּייז האָב
איך אָפּגעהיט די ווערטער פון זיין מויל.
13 ווען ער האַלט זיך אָן איין זאַך ווער וועט איהם
צוריקהאַלטען? וואָס זיין ווילען באַגעהרט דאָס
טהוט ער.
14 ער וועט ערפילען דאָס וואָס איז באַשטימט פאַר מיר,
און פיעל אַזעלכע (זאַכען) זיינען ביי איהם פאַראַנען.
15 דאַריבער ציטער איך פאַר זיין געזיכט, איך באַטראַכט
און ווער צושראָקען.
16 גאָט האָט אָפּגעשלאָפט מייע הערץ, דער אַלמעכטיגער
האָט מיך מיט אַנגסט אָנגעפילט.
17 דען איך בין ניט פאַרשניטען געוואָרען איידער די

פינסטערקייט (איז געקומען) און ער האָט די חשכ־
נים ניט פאַרדעקט פון מיין געזיכט.

קאפיטעל כד.

1 ווארום זיינען פאַר דעם אַלמעכטיגען די צייטען ניט
פאַרבאָרגען, און די וואָס קענען איהם האָבען זיינע
טעג ניט געזעהן?
2 זיי (די שלעכטע) פאַררוקען די גרענעצען, זיי רויבען אַ
סטאַדע און פיטערען זי.
3 דעם עזעל פון די יתומים פיהרען זיי אַוועק, און נעה־
מען אַלס משכון דעם אָקס פון די אלמנה.
4 זיי פאַריאָגען די נויטהבאַדירפטיגע פון דעם וועג, די
אָרעמע פון דער וועלט באַהאַלטען זיך צוזאַמען.
5 אַזוי ווי ווילדע עזלען אין דער וויסטע געהען זיי אַרוים
צו זייער אַרבייט, אין פריהען מאָרגען שטעהען זיי
אויף צו זייער רויב, די סטעפּע שטעלט צו שפּייז פאַר
זיי און זייער יונגוואַרג.
6 אין פעלד שניידען זיי (די אָרעמע) זיין תבואה, דעם וויינ־
גאָרטען פון דעם פאַרדאָרבענעם קלייבען זיי
אַרונטער.
7 נאַקעט נעכטיגען זיי איבער, אָהן אַ קלייד, אָהן אַ
צודעק אין דער קעלט.
8 פון דעם באַרג־רעגען ווערען זיי דורכגענעצט און אָהן
באַשיצונג טוליען זיי זיך צום פעלז.

9 זיי (די פּאַרדאַרבענע) רויבען דעם יתום אַוועק פון דער
ברוסט, פון דעם אָרעמען דאָס קלייד נעהמען זיי אַלס
אַ משכון צו.
10 און זיי (די אָרעמע) געהען נאַקעט אָהן אַ קליידונג,
און הונגעריגערהייד שלעפּען זיי דעם גאַרב.
11 צווישען זייערע מויערען מאַכען זיי איל, זיי טרעטען
דעם וויין־קעלטער און זיינען (אַליין) דורשטיג.
12 פון אַנגסט קרעכצען די מענשען, די זעעלע פון
די טויטליך־פאַרוואונדעטע שרייט אַרויס און גאָט
האַלט עס ניט פאַר קיין לעסטערונג.
13 זיי זיינען די יעניגע וועלכע ווידערשפּעניגען קעגען
דער ליכטיגקייט, זיי אַנערקענען ניט זיינע (גאָט'ס)
וועגען, זיי האַלטען זיך ניט אויף זיינע שטעגען.
14 אין העלען טאָג שטעהט אויף דער מערדער און טויט
דעם אָרעמען, און ביי נאַכט פאַרשטעלט ער זיך ווי
אַ גנב.
15 און דאָס אויג פון דעם אויסגעלאַסענעם וואַרט אויף
די דונקעלהייט, זאָגענדיג: „קיין אויג וועט מיך ניט
אָנקוקען", און ער טהוט אָן אַ מאַסקע אויף זיין
געזיכט.
16 זיי גראָבען אונטער אין דער פינסטער די הייזער
וועלכע זיי האָבען ביי טאָג זיך אָנגעצייכענט, זיי
ווייסען ניט פון ליכט.
17 דען דער מאָרגען פאַר זיי איז אויך נאָר דער שאָטען

פון׳ם טויט; זיי זיינען באקאנט מיט די שרעקעני־
סען פון דעם שאָטען פון טויט.

18 פלינק זיינען זיי אויפ׳ן וואַסער. זייער שטיק לאַנד
ווערט פאַרפלוכט אויף דער ערד. זיי ווענדען זיך ניט
צו דעם וועג (וואָס פיהרט) דורך די ווייגגערטנער.—

19 טריקענים און היץ רויבען אַוועק די וואַסערען פון
שניי, אַזוי (רויבט) די גרוב די, וועלכע האָבען
געזינדיגט.

20 די געבערמוטער (וואָס האָט איהם געבאָרען) וועט
אָן איהם פאַרגעסען, מיט געשמאַק וועט איהם דער
וואָרעם עסען, ער וועט ניט מעהר דערמאָנט ווערען.
אַזוי ווי אַ בוים וועט צוברעכען ווערען די אונגע־
רעכטיגקייט.

21 ער יאָגט זיך נאָך דער בעזדעטניצע וועלכע געבערט
ניט און בעהאַנדעלט די אלמנה ניט גוט.

22 ער שלעפּט די שטאַרקע אַרונטער מיט זיין קראַפט, ער
שטעלט זיך אויף און (קיינער) איז ניט זיכער מיט
זיין לעבען.

23 ער (גאָט) לאָזט איהם זיין אין זיכערהייט, ער זאָל זיך
קענען פעסט אָנשפּאַרען, אָבער זיינע אויגען (האַלט
ער) אויף זיינע וועגען.

24 זיי ווערען דערהויבט אויף אַ קורצע ווײַלע און אָט
זיינען זיי ניט מעהר דאָ; זיי ווערען אַרונטערגע־
קלאַפּט, ווי אַלע (אַנדערע) ווערען זיי איינגעזאַמעלט,

און ווי דער שפּיין פון זאַנג ווערען זיי אָפּגעשניטען.
25 איז עס ניט אַזוי? ווער קען מיך אָפּלייקענען? ווער
קען מאַכען מיין וואָרט צו גאָרנישט? —

## קאַפּיטעל כה.

1 און געענטפערט האָט בלדד דער שוחי און האָט געזאָגט:
2 געוועלטיגונג און שרעקליכע (מאַכט) זיינען ביי איהם
פאַראַנען, ער מאַכט פרידען אין זיינע הויכע
פלעטצער,
3 איז דען דאָ אַ צאָהל צו זיינע פאָלקען? און אויף וועמען
שימערט ניט זיין ליכט?
4 ווי קען אַ מענש גערעכט זיין קעגען גאָט? ווי קען זיין
ריין דער וואָס איז פון אַ פרויענצימער געבאָרען?
5 ער באַרדעקט די לבנה און זי שיינט ניט, און די שטערען
זיינען אין זיינע אויגען ניט ריין.
6 טאָ ווי שוין אַ מענש, אַ וואָרעם? אַ זוהן פון דער
ערד, אַ מילב?

## קאַפּיטעל כו.

1 און איוב האָט געענטפערט און האָט געזאָגט:
2 מיט וואָס האָסטו דעם קראַפטלאָזען געהאָלפען, מיט
וואָס האָסטו דעם אָהנמעכטיגען אָרעם געשטיצט?
3 וואָס האָסטו געראַטהען דעם ניט־פאַרשטענדיגען?
וואו האָסטו פיעל קענטענים אַנטפּלעקט?

4 מיט וועמען (׳ס קראַפט) האָסטו (דיינע) ווערטער
גערעדט און וועמענ׳ס גייסט איז פון דיר אַרויסגע־
גאַנגען ? —

5 די טויטע שאָטענס שטעהען ווידער אויף פון אונטער
די וואַסערען און זייערע איינוואָהנער.

6 נאַקעט איז פאַר איהם די אונטערערד, דער אָפגרונד
האָט (פאַר איהם) קיין צודעק ניט.

7 ער בויגט אויס דעם צפון (־הימעל) אויף דעם פוסטען
רוים, ער הענגט אויף די ערד אויף גאָרנישט.

8 ער בינדט די וואַסערען אין זיינע וואָלקענס איין, און
ס׳פּלאַצען ניט די כמאַרעס אונטער זיי.

9 ער פאַרהילט די געשטאַלט פון זיין טהראָן און שפּרייט
איבער איהם זיין וואָלקען אויס.

10 ער מאַכט אַ צירקעל אַרום די וואַסערען, ער באַפעס־
טיגט אַ גרענעץ — צווישען ליכט און פינסטערניס.

11 די זיילען פון הימעל ווערען צוטרייסעלט און ווערען
צוטומעלט פון זיין געשריי.

12 דעם ים צורודערט ער מיט זיין קראַפט און מיט זיין
פאַרשטאַנד צוקלאַפּט ער (זיין) שטאָלץ,

13 פון זיין הויך ווערט דער הימעל אויסגעלייטערט, זיין
האַנד האָט בעשאַפען די רינגעלדיגע שלאַנג.

14 און דאָס זיינען בלויז אַ טהייל פון זיינע וועגען ! ווי
שוואַך איז דער מורמעל וועלכען מיר פאַרנעהמען

פון איהם! ד ע ם ד ו נ ע ר פון זיינע מעכטיגע
טהאַטען ווער קען פאַרשטעהן?

קאַפּיטעל כז.

1 און איוב האָט ווידער אָנגעהויבען זיין רײדען און האָט
געזאָגט:
2 (איך שווער) אַזוי ווי עס לעבט דער גאָט וועלכער האָט
אַוועקגענומען מיין רעכט, און דער אַלמעכטיגער
וועלכער האָט מיין זעעל פאַרביטערט: —
3 אַזוי לאַנג ווי עס איז דאָ מיין אָטהעם אין מיר, און דער
הויך פון גאָט אין מיינע נאָזלעכער,
4 וועלען מיינע ליפּען ניט ריידען דאָס וואָס איז אונגע־
רעכט, און מיין צונג וועט ניט זאָגען קיין פאַלשקייט.
5 באַהיט מיך גאָט איך זאָל אייך רעכט געבען. — ביז
איך וועל פאַרגעהן וועל איך ניט לאָזען (קיינעם)
אַוועקנעהמען מיין עהרליכקייט פון מיר.
6 איך האָב זיך פעסט געהאַלטען אָן מיין פרומקייט, און
האָב זי ניט אָפּגעלאָזען, (קיין מאָל) אין מיינע טעג
האָט מיר מיין הערץ קיין פאָרוואורף ניט געמאַכט.
7 פאַרדאָרבען זאָל יענער גערעכענט ווערען ווער עס איז
מיין פיינד, אַ נידערטרעכטיגער — דער וואָס איז מיין
געגנער. —
8 וואָס איז די האָפענונג פון דעם פאַלשען מענשען ווען
ער געווינט (רייכטהום), אויב גאָט שליידערט אַוועק
זיין זעעל (פון זיך)?

9 וועט גאָט הערען זיין געשריי ווען אַ'ן אונגליק וועט
אויף איהם קומען ? —

10 אויב ער וואָלט זיך געפרעהט מיט דעם אַלמעכטיגען,
וואָלט ער צו גאָט געקענט רופען צו יעדער צייט.

11 איך וועל אייך לערנען (דאָס וואָס איז) אין דער האַנד
פון גאָט, וואָס ביי דעם אַלמעכטיגען איז וועל איך
ניט פאַרהוילען. —

12 איהר אַלע האָט דאָך געזעהן, ווארום פּלוידערט איהר
דען נאַרישקייטען ?

13 דאָס איז דער שיקזאַל וואָס דער שלעכטער מענש
קריגט פון גאָט, דאָס איז דער טהייל וואָס די אונטער־
דריקער קריגען פון דעם אַלמעכטיגען.

14 אויב זיינע קינדער מעהרען זיך איז דאָס בלויז פאַר'ן
שווערד, זיינע נאָכקומענדע וועלען ניט האָבען ברויט
צו זאַט.

15 די וועלכע בלייבען איבער נאָך איהם וועלען פון טויט
באַגראָבען ווערען, זיינע אלמנות וועלען (איהם) ניט
באַוויינען.

16 ווען ער זאָל אָנזאַמלען זילבער ווי שטויב, און קליידער
ווי לעהם אָנשאַפען,

17 וועט ער בלויז אָנגרייטען און דער גערעכטיגער וועט
אָנטהאָן, און מיט דעם זילבער וועלען זיך די אונ־
שולדיגע צוטהיילען.

18 ער בויט זיין הויז ווי אַ מאָיל, אַזוי ווי אַביידעל וואָס
דער וועכטער מאַכט.
19 אַ רייכער וועט ער זיך לעגען אָבער ער וועט ניט
געבראַכט ווערען (צו זיין קבר); מע עפענט בלויז
די אויגען און ער איז שוין ניטאָ.
20 אַ וויסטער שרעק וועט איהם אַזוי ווי אַ וואַסער אָניאָ־
גען, ביי דער נאַכט וועט איהם אַ שטורעם־ווינד
אַוועקרויבען.
21 דער מזרח־ווינד וועט איהם אויפהויבען און ער וועט
פאַרשווינדען, ער וועט איהם אַוועקבלאָזען פון זיין
פּלאַטץ.
22 און ער וועט וואַרפען אויף איהם (אונגליקען) און
וועט (איהם) ניט שוינען. גערן וואָלט ער אַנטלאָפען
פון זיין האַנד.
23 מיט די הענד וועט מען ברעכען אויף איהם, מע וועט
(מיט די ליפּען) שמוצערען אויף איהם דאָרט וואו
זיין פּלאַטץ איז געוועזען.

## קאַפּיטעל כח.

1 עס איז דאָ אַ פּלאַטץ פון וועלכען זילבער קומט, אַ'ן
אָרט וואו גאָלד ווערט געלייטערט.
2 אייזען ווערט פון דער ערד גענומען און קופּער ווערט
געשמאָלצען פון שטיין.
3 ער (דער מינע גראָבער) מאַכט אַ'ן ענד צו פינסטערנים;

ער פאַרשט אויס אַלע עקען, די שטיינער פון פינס־
טערנים און דעם שאָטען פון טויט.

4 זיי ברעכען אַ טונעל ווייט פון וואו מע וואוהנט, די
וועלכע זיינען פון (וואַנדערער׳ס) פיס פאַרגעסען, די
וועלכע זיינען אָרעם און זיינען פון מענשען אַוועק.

5 די ערד פון וועלכע עס קומט אַרויס ברויט ווערט אונ־
טען איבערקעהרט אַזוי ווי מיט פייער.

6 איהרע שטיינער זיינען דער פּלאַטין פון סאַפּירען, און
דער שטויב פון גאָלד איז דאָרט פאַראַנען.

7 עס איז אַ שטעג וואָס דער רויב־פויגעל וויים איהם
ניט, וואָס דאָס אויג פון דעם גייער האָט ניט אָנגע־
קוקט,

8 וואָס די ווילדע חיות האָבען ניט באַטרעטען, וואו דער
לייב איז ניט פאַרבייגעגאַנגען.

9 אויף דעם קיזעלשטיין לעגט ער (דער גאָלד גרעבער) זיין
האַנד, ער קעהרט איבער די בערג פון זייערע
וואָרצלען.

10 ער האַקט אויס קאַנאַלען אין די פעלזען און אַלע
טהייערע זאַכען זעהט זיין אויג.

11 ער האַלט צוריק די שטראָמען זיי זאָלען ניט פליסען
און ברינגט אַרויס די פאַרבאָרגענע זאַכען פאַר׳ן
ליכט.

12 אָבער די קלוגהייט — וואו געפינט זי זיך? וואו איז
דער פּלאַטץ פון דער פערנונפט? —

13 קיין מענש ווייס ניט איהר ווערטה; אויף דער ערד
פון די לעבעדיגע געפינט זי זיך ניט.

14 דער אָפּגרונד זאָגט: אין מיר איז זי ניט פאראנען,
און דער ים זאָגט: ביי מיר איז זי ניטאָ.

15 מע קען פאַר איהר קיין גינגאָלד ניט אָנבאָטען, קיין
זילבער קען ניט אָפּגעוואויגען ווערען פאר איהר
פרייז.

16 זי קען ניט געוואויגען ווערען מיט דעם גאָלד פון
אופיר, מיט דעם טהייערען אָניקס־שטיין אָדער מיט
סאפיר.

17 מע קען זי ניט אָפּשאַצען מיט גאָלד אָדער מיט גלאַז,
(מע קען ניט) אויסבייטען אויף איהר געשיר פון
ריינסטען גאָלד.

18 קאַרעלען און קריסטאָל דאַרף מען ניט דערמאָנען, דען
מעהר ווי פערל (אפילו) איז דער ווערטה פון
קלוגהייט.

19 דער טאָפּאַז פון עטהיאָפּיען קען ניט גלייך צו איהר
געשאצט ווערען, מיט דעם געלייטערסטען גאָלד קען
זי ניט געוואויגען ווערען. —

20 און פון וואַנען קומט די קלוגהייט? וואו איז דער
פלאַטץ פון דער פאַרנונפט?

21 זי איז פאַרהוילען פון די אויגען פון אַלע לעבעדיגע,
פון דעם פויגעל פון הימעל איז זי פאַרבאָרגען.

22 דער אָפּגרונד און דער טויט זאָגען: מיר האָבען

(בלויז) מיט אונזערע אויערען געהערט אַ קלאַנג
וועגען איהר.
23 גאָט (אַליין) פאַרשטעהט איהר וועג, און ער (אַליין
נאָר) ווייס איהר פּלאַטץ.
24 דען ער קוקט ביז די עקען פון דער ערד, ער זעהט
אונטער דעם גאַנצען הימעל.
25 ווען ער האָט באַשטימט אַ געוויכט פאַר דעם ווינד,
און איינגעשטעלט דאָס וואַסער מיט אַ מאָס —
26 ווען ער האָט געמאַכט אַ געזעץ פאַר'ן רעגען און אַ
וועג פאַר'ן געוויטער —
27 דאַן האָט ער זי געזעהן און האָט זי באַקאָנט געמאַכט,
דאַן האָט ער זי פעסטגעשטעלט און האָט זי אויס־
געפאָרשט.
28 און ער האָט געזאָגט צו דעם מענשען: מורא פאַר
גאָט דאָס איז קלוגהייט, און אויסמיידען שלעכטס
איז — פאַרנונפט.

קאַפּיטעל כט.

1 און איוב האָט ווידער אָנגעהויבען זיין גערייד און האָט
געזאָגט:
2 אָ, ווען איך וואָלט געווען ווי אין די מאָנאַטען פון
אַמאָל, ווי אין די טעג, ווען גאָט פלעגט וואַכען
איבער מיך.
3 ווען זיין ליכט פלעגט שיינען איוף מיין קאָפּ, ווען איך
פלעג געהן פאַר זיין שיין אין דער פינסטערניס.

4 ווען איך בין געווען אין די טעג פון מיין יוגענד, ווען
די פריינדשאַפט פון גאָט איז געווען אויף מיין
געצעלט.

5 ווען דער אַלמעכטיגער איז געוועזען מיט מיר און אַרום
מיך (זיינען געוועזען) מיינע באַדיענטע.

6 ווען מיינע טריט האָבען זיך געבאָדען אין מילך, און
דער פעלז האָט געגאָסען פאַר מיר בעכען מיט
בוימאייל.

7 ווען איך פלעג אַרויסגעהן פאַר דעם טהויער פון
שטאָדט, און פלעג אַוועקשטעלען אויף דער גאַס מיין
שטוהל,

8 האָבען יונגע לייט מיך געזעהן און זיך באַהאַלטען, און
אַלטע לייט האָבען זיך אויפגעהויבען און אַוועק־
געשטעלט.

9 פירשטען האָבען צוריקגעהאַלטען (זייערע) ווערטער
און האָבען די הענד אַרויפגעלעגט אויף זייער מויל.

10 גרויסע לייט האָבען זייער שטים בעהאַלטען, און
זייער צונג האָט זיך אָנגעקלעפּט אָן זייער גומען.

11 דאָס אויער וואָס האָט געהערט (פון מיר) האָט מיך
געלויבט, און דאָס אויג וואָס האָט (מיך) געזעהן
האָט מיך פאַר אַ מוסטער געמאַכט.

12 דען איך פלעג ראַטעווען דעם אָרעמאַן ווען ער האָט
גערופען, דעם יתום — וואָס האָט קיין העלפער ניט
געהאַט.

13 די בענשונג פון דעם אונגליקליכען פלעגט אויף מיך קומען, און דאָס הערץ פון דער אלמנה פלעג איך פרעהליך מאַכען.

14 איך האָב עהרליכקייט אָנגעטהאָן און זי איז מיין קלייד געווען, ווי אַ מאַנטעל און אַ קאָפּ־טוך (פאַר מיר) איז געוועזן מיין גערעכטיגקייט.

15 איך בין געוועזן אויגען פאַר דעם בלינדען און פיס פאַר דעם הינקענדיגען בין איך געוועזען.

16 איך בין דער פאָטער (געוועזן) פון די נויטהבאַדירפטיגע, די קריוודע פון דעם יעניגען וואָס איך האָב (גאָר) ניט געקענט האָב איך נאָכגעזוכט.

17 און איך האָב צובראָכען די באַקצייהנער פון דעם נידערטרעכטיגען, און פון זיינע צייהנער האָב איך אַרויסגעריסען דעם רויב.

18 און איך האָב געזאָגט: אין מיין נעסט וועל איך שטאַרבען, און טעג פיעל ווי זאַמד וועל איך האָבען.

19 מיין וואָרצעל ועט זיין אָפּגעדעקט פאַר׳ן וואַסער און דער טהוי וועט רוהען אויף מיינע צווייגען.

20 מיין עהרע וועט בלייבען פריש און מיין פיילענבויגען וועט זיך (מיט שטאַרקייט) באַנייען אין מיין האַנד.

21 צו מיר האָט מען געהאָרכט און געוואַרט, און שוויי־גענדיג געהערט מיין ראַטה.

22 נאָך מיין וואָרט האָט מען ניט מעהר גערעדט, מיין וואָרט איז געפאַלען אויף זיי ווי (טהוי).

23 און ווי אויף אַ רעגען האָבען זיי אויף מיך געוואַרט,
אַזוי ווי אויפ׳ן שפּריי־רעגען האָבען זיי אויפגע־
שפּאַרט זייער מויל.
24 איך פלעג צו זיי אַ שמייכעל טהאָן און זיי פלעגען ניט
גלויבען (זייערע אויגען), דעם גלאַנץ פון מיין געזיכט
פלעגען זיי ניט וואַגען צו פאַרמינדערען.
25 איך פלעג (פאַר זיי) אויסקלייבען זייער וועג, איך פלעג
זיצען אויבענאָן, און פלעג וואוינען ווי אַ קיניג
צווישען זיין אַרמיי, ווי איינער וואָס טרייסט די
וואָס טרויערען.

## קאַפּיטעל ל.

1 און איצטער לאַכען פון מיר די וואָס זיינען אינגער אין
טעג פאַר מיר, וואָס איך האָב אַמאָל זיך געעקעלט
זייערע טאַטעס צו האַלטען צווישען די הינד פון
מיינע שאָף.
2 וואָס האָט מיר די קראַפט פון זייערע הענד געטויגט,
ווען איבער זיי איז שוין די עלטער אַריבערגע־
גאַנגען?
3 די נויטה־און הונגער־ליידענדע, די איינזאַמע, וועלכע
אַנטלויפען אין דער וויסטע אין פינסטערנים און
אונגליק און פאַרוויסטונג —
4 די וואָס פליקען קרייטעכצער ביי די קוסטעס און
יאַלאָוועץ־וואָרצלען זיינען זייער ברויט —

5 די וואָס ווערען אַרויסגעטריבען און מע שרייט זיי
ווי אַ גנב נאָך —

6 די וואָס האַלטען זיך אויף אין די שפּאַלטען פון די
טהאָלען, אין די לעכער פון דער ערד און אין די
פעלזען —

7 וואָס קרעכצען צווישען די קוסטעס און טוליען זיך
אונטער די דערנער —

8 די נידערטרעכטיגע וועלכע האָבען קיין נאָמען ניט,
וואָס זיינען פון דער ערד פאַרשטויסען געוואָרען —

9 איצט בין איך געוואָרען זייער שפּאָט־געזאַנג, איצט בין
איך פאַר זיי אַ (שפּאַס־) וואָרט געוואָרען.

10 זיי עקלען זיך מיט מיר, זיי דערווייטערען זיך פון מיר
און מיידען ניט אויס מיר אין געזיכט צו שפּייען.

11 דען ער (גאָט) האָט לויזגעמאַכט דאָס שטריקעל (פון
מיין בויגען) און האָט מיך אונטערדריקט. — זיי
נעהמען אַרונטער די צוים (פון זייער מויל) קעגען
מיר.

12 אויף מיין רעכטער זייט שטעלט זיך דאָס יונגוואַרג,
זיי שטויסען אַוועג מיין פוס, זיי טרעטען אויס וועגען
פון אומגליק פאַר מיר.

13 זיי צושטערען מיין שטעג, זיי אַרבייטען פאַר מיין
בראָך, און ס'איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל מיר העלפען
פון זיי.

14 ווי א ברייטער וואסער־שטראָם קומען זיי, מיט גע־
פילדער קייקלען זיי זיך אַרויף.

15 שוידער האָבען זיך אַרויפגעקעהרט אויף מיר, אַזוי
ווי אַ שטורעם־ווינד פערפאָלגט עס מיין גרויסקייט
און ווי אַ וואָלקען פאַרשוואונדען איז מיין רעטונג.

16 און איצט ווערט צוגאָסען מיין זעעל אין מיר, טעג פון
ליידען האָבען מיך אַרומגענומען.

17 די נאַכט פיקט מיינע ביינער אַרונטער פון מיר, און
מיינע פאַרפאָלגענדע (שמערצען) רוהען ניט.

18 צוליעב די גרויסע שטאַרקייט (פון מיין וועהטאָג) האָט
זיך מיין הויט געביטען, אַזוי ווי מיין העמד גאַרטעלט
ער (מיין שמערץ) מיך ארום.

19 ער האָט מיך אריינגעוואָרפען אין לעהם, צו שטויב און
צו אַש בין איך געגליכען געוואָרען.

20 איך שריי צו דיר און דו ענטפערסט מיר ניט, איך
שטעל זיך אויף און דו גלאָצסט מיך אָן.

21 גרויזאַם ביזטו געוואָרען קעגען מיר, מיט דער שטאַר־
קייט פון דיין האַנד פאַרפאָלגסטו מיך.

22 דו הויבסט מיך אויף און זעצסט מיך רייטען אויפ'ן
ווינד, און דער שטורעם־געפילדער צושרעקט מיך.

23 איך ווייס אַז דו וועסט מיך ברינגען צו דעם טויט, צו
דעם פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פון אלע לעבעדיגע.

24 אבער צו דעם הויפען ערד שטעקט ער מעהר קיין

האַנד ניט אויס. אין זייער אומגליק איז פאַר זיי אַ
רעטונג דאָ. —
25 האָב איך דען ניט געוויינט פאַר דעם שווער־באַדריק־
טען? האָט מיין זעעל ניט געקומערט פאַר דעם נויט־
באַדירפטיגען?
26 איך האָב געהאָפט אויף גוטס און שלעכטס איז
געקומען, איך האָב געוואַרט אויף ליכט און געקומען
איז פינסטערניס.
27 מיינע אינגעווייד זיינען צוקאָכט און קענען זיך ניט
איינשטילען; טעג פון אַנגסט זיינען געקומען אויף
מיר.
28 פאַרשוואַרצט געה איך אום אָהן זונענליכט, איך
שטעה אויף פאַר אַ געזעמעל און שריי נאָך הילף.
29 איך בין אַ ברודער געוואָרען צו דעם קראָקאָדיל און אַ
קאַמעראַד פון די שטרויספויגלען.
30 מיין הויט איז שוואַרץ אויף מיר, מיינע ביינער
זיינען פון פיבער־היץ פאַרברענט.
31 מיין האַרף איז אין טרויער פאַרוואַנדעלט געוואָרען
און מיין פייפעל — אין אַ שטימע פון געוויין.

קאַפּיטעל ל"א.

1 איך האָב געשלאָסען אַ בונט מיט מיינע אויגען. וואַרום
זאָל איך זיך איינקוקען אויף אַ יונגפרוי?
2 וואָס איז די אויסטהיילונג פון גאָט אויבען? וואָס איז
די גאָב פון דעם אַלמעכטיגען אין דער הויך? —

3 אונגליק בלויז פאַר דעם פאַרברעכער, אַ שלעכטער
שיקזאַל פאַר די וואָס טהוען אונרעכט.
4 ער זעהט דאָך מיינע וועגען און אַלע מיינע טריט
צעהלט ער.
5 בין איך געגאַנגען מיט פאַלשקייט? האָט מיין פוס
זיך געאײַלט צו באַטרוג?
6 זאָל ער מיך וועגען אין ריכטיגע וואָגשאָלען, און גאָט
וועט וויסען מיין עהרליכקייט.
7 אויב מיין טריט האָט זיך אָבגענייגט פון וועג, אויב
מיין הערץ איז נאָכגעגאַנגען נאָך מיינע אויגען און
אָן מיינע הענד האָט זיך עפּעס אָנגעקלעפּט —
8 דאַן זאָל איך פאַרזייען און אַן אַנדערער זאָל אויפעסען,
און מיינע שפּראָצונגען זאָלען אויסגעוואָרצעלט
ווערען.
9 אויב מיין הערץ איז פאַרנאַרט געוואָרען פון אַ פרויענ־
צימער, און ביי דער טהיר פון מיין פריינד האָב איך
געלויערט —
10 דאַן זאָל מיין ווייב מאָהלען פאַר אַנדערע, און פרעמדע
זאָלען קניען איבער איהר.
11 דען דאָס איז אַ שענדליכע טהאַט, אַ פאַרברעך פאַר
געריכט.
12 דאָס איז אַ פייער וואָס פאַרצעהרט ביז'ן אָבגרונד, און
וואָלט אַלע מיינע תבואות אויסגעוואָרצעלט. —
13 אויב איך האָב פאַראַכטעט דאָס רעכט פון מיין

קנעכט און מיין דיענסט, אין זייער קריוודע קעגען
מין' —

14 וואָס וואָלט איך געטהאָן ווען גאָט זאָל אויפשטעהן ?
ווען ער זאָל זיך ערקונדיגען, וואָס וואָלט איך איהם
געענטפערט ?

15 דער וואָס האָט מיך אין לייב געשאַפען האָט דאָך אויך
איהם באַשאפען, אויף איין שטייגער האָט ער אונז
אין געבערמוטער געפורעמט. —

16 אויב איך האָב אָבגעזאָגט דעם פאַרלאַנג פון די דער־
שלאָגענע, און האָב געלאָזען די אויגען פון דער
אלמנה אויסגעהן,

17 און האָב געגעסען אַליין מיין ברויט און קיין יתום
האָט פון איהם ניט פאַרזוכט,

18 (דען פון דער יוגענד איז ער (דער יתום) מיט מיר ווי
מיט אַ פאטער אויפגעוואַקסען געוואָרען און פון
געבערמוטער האָב איך זי (די אלמנה) ווי אַ מאַמע
אַרומגעפיהרט) —

19 אויב איך האָב געזעהן דעם אונגליקליכען אָהן אַ קלייד
און דעם נויטהבאַדירפטיגען אָהן אַ צודעק,

20 און זיינע לענדען האָבען מיך ניט געבענשט און ער
האָט זיך פון מיינע לעמער'ס וואָל ניט דערוואַ־
רעמט —

21 אויב איך האָב אויפגעהויבען קעגען דעם יתום מיין

האַנד, ווען איך האָב געזעהן מיינע מיטהעלפער אין טויער (פון שטאָדט) —

22 דאַן זאָל מיין אַקסעל אַרונטערפאַלען פון מיין קאַרג, און אויסגעבראָכען זאָל ווערען מיין אָרעם פון זיין געלענק.

23 דען גאָט'ס שטראָף איז געוועזען מיין שרעק, אַקעגען זיין גרויסקייט האָב איך גאַרניט געקענט (טהאָן). —

24 אויב איך האָב אין גאָלד געלעגט מיין צוטרוי און צו גינגאָלד געזאָגט: (דו ביסט) מיין זיכערקייט —

25 אויב איך האָב זיך געפרעהט ווען מיין פערמעגען האָט זיך פאַרמעהרט, ווען מיין האַנד האָט פיעל אנגע־האַבעוועט —

26 אויב איך האָב געזעהן דאָס ליכט ווי עס שיינט און די לבנה פרעכטיג געהענדיג,

27 און מיין הערץ איז אין געהיים פאַרפיהרט געוואָרען און מיין האַנד האָט זיך צוגעדריקט צו מיין מויל (צו פאַרבאָרגען מיין אַבזיכט) —

28 דאָס וואָלט איך געוועזען אַ פאַרברעך פאַר געריכט, דען איך וואָלט געהאַט געלייקענט אָן גאָט (וואָס זיצט) אויבען. —

29 האָב איך זיך געפרעהט מיט דעם אונגליק פון מיין פריינד און בין לוסטיג געוועזען ווען איהם האָט אַ שלעכטער צופאַל פאַסירט? —

30 איך האָב מיין גומען ניט געלאָזען זינדיגען, צו בעטען

(אפילו) אַ פלוך אויף זיין זעל. —

31 האָבען דען ניט די מענשען פון מיין געצעלט געזאָגט: אָ ווער גיט אונז זיין פלייש מיר וועלען (קיינמאָל) ניט זאַט האָבען דערפון? —

32 דרויסען האָט דער פרעמדער ניט גענעכטיגט, מיינע טהירען האָב איך אויפגעמאַכט פאַר דעם גאַסט.

33 האָב איך מיינע פאַרברעכען פאַרדעקט אַזוי ווי א (נידריגער) מענש, באַהאַלטענדיג מיין זינד אין מיין בוזעם? —

34 איך ציטער פאַר דעם פעבעל פון דער גרויסער שטאדט, די אויסוואורפען פון פאַמיליעס וואַרפען אַ שרעק אויף מיך. איך שווייג און געה ניט פון דער טהיר אַרויס. —

35 אָ ווען איך וואָלט אַ צוהערער געהאַט! אָט איז מיין קלאַגעשריפט, דער אַלמעכטיגער זאָל מיר ענטפערן; אָ, ווען מיין געגנער וואָלט אָנשרייבען זיין באַשולדי־גונגס־שריפט.

36 איך וואָלט זי אויף מיין שולטער געטראָגען, איך וואָלט זי אָנבינדען ווי אַ קרוין (אויף מיין קאָפּ).

37 איך וואָלט איהם אויסזאָגען די צאָהל פון מיינע טריט, ווי אַ פירסט וואָלט איך איהם אויפנעהמען. —

38 אויב די ערד שרייט קעגען מיך, אויב איהרע בעטען וויינען,

39 אויב איך האָב אויפגעגעסען איהר קראַפט

אָהן געלד, און האָב געקריינקט דעם געמיטה פון
איהרע אייגענטהימער —
40 זאָל שטאט ווייץ אַ דאָרען אַרויסשפּראָצען און שטאט
גערשטען—ווילדע גראָז. — דאָ האָבען זיך געענדיגט
די ווערטער פון איוב'ן.

קאַפּיטעל ל"ב.

1 און די דאָזיגע דריי מענער האָבען אויפגעהערט צו
ענטפערן איוב'ן דען ער איז געווען גערעכט אין
זיינע אויגען.
2 און אָנגעצונדען האָט זיך דער צאָרען פון אליהוא דעם
זוהן פון ברכאל פון דער שטאדט בוז פון דער פאַמי־
ליע רם. אויף איוב'ן האָט געברענט זיין צאָרען
ווייל ער האָט זיך מעהר גערעכט געגעבען ווי גאָט.
3 און אויף זיינע דריי פריינד האָט געברענט זיין צאָרען
פאַר וואָס זיי האָבען קיין ענטפער ניט געפונען, און
האָבען (בלויז) באַשולדיגט איוב'ן.
4 און אליהוא האָט געוואַרט מיט זיינע רייד צו איוב'ן
ווייל זיי זיינען געוועזען עלטער אין טעג פון איהם.
5 און אליהוא האָט געזעהן אַז עס איז קיין ענטפער ניט
פאַראַנען אין דעם מויל פון די דריי מענער און זיין
צאָרען האָט זיך אָנגעצונדען.
6 און אליהוא דער זוהן פון ברכאל פון בוז האָט געענט־
פערט און האָט געזאָגט: יונג בין איך אין טעג און

איהר זייט גרייזען, דאַריבּער האָבּ איך געציטערט,
און האָבּ מורא געהאַט אַרויסצוזאָגען מיין מיינונג
פאַר איך.
7 איך האָבּ געזאָגט: לאָזען טעג רעדען, פיעל יאָהרען
זאָלען די קלוגהייט ערקלערען.
8 אבּער עס איז בּלויז דער גייסט אין מענשען, דער הויך
פון דעם אַלמעכטיגען וואָס גיט איהם פאַרשטאַנד.
9 ניט די גרויסע לייט זיינען (אַלע מאָל) קלוג און ניט די
אַלטע פאַרשטעהען (אַלע מאָל) וואָס איז גערעכט.
10 דאַריבּער זאָג איך: הער מיך צו, לאָמיך אויך אַרויס־
זאָגען מיין געדאַנקען.
11 איך האָבּ געהאַרט אייערע רייד, איך האָבּ אויפמערק־
זאַם צוגעהערט אייערע באַווייזען בּיז איהר האָט
אויסגעזוכט די ריכטיגע ווערטער.
12 דאָך איך קוק זיך צו צו איך, און עס איז ניטאָ איינער
וואָס זאָל איובּ'ן איבּערצייגען, איינער פון איך וואָס
זאָל ענטפערן אויף זיינע ווערטער.
13 דאַריבּער, זאָלט איהר ניט זאָגען: מיר האָבּען די קלוג־
הייט געפונען: — גאָט האָט איהם אַרונטערגעשטוי־
סען און ניט אַ מענש. —
14 אָבּער צו מיר האָט ער ניט (זיינע) ווערטער געווענ־
דעט, און איך וועל איהם ניט מיט אייערע רייד
ענטפערן. —
15 צוציטערטע זיינען זיי געוואָרען און האָבּען ניט

גענטפערט מעהר; די ווערטער האָבען זיך אָב־
גערטהאָן פון זייער מויל.

16 איך האָב געוואַרט אָבער זיי ריידען ניט, דען זיי
זיינען געבליבען שטעהן און ענטפערען מעהר ניט.

17 לאָמיך איך ענטפערען מיין טהייל, לאָמיך אַרויסזאָגען
מיין געדאַנקען איך.

18 דען איך בין מיט ווערטער אָנגעפילט, מיך דריקט דער
אָטהעם אין מיין בוזעם.

19 מיין לייב איז (פול ווי מיט) וויין וועלכען מען האָט
נאָך ניט אויפגעעפענט, ווי נייע לאָגלען וועלכע
זיינען גרייט פאַנאַנדערצופלאַצען.

20 איך וועל ריידען און מיר וועט גערוימער ווערען, איך
וועל עפענען מיינע ליפען און איך וועל ענטפערען.

21 איך וועל ניט שוינען קיין מענשען און קיין זוהן פון
דער ערד וועל איך ניט חנפ'ענען מיט לויב־נעמען.

22 דען איך ווייס ניט ווי צו חנפ'ענען מיט לויב־נעמען,
זאָנסט וואָלט מיך מיין באַשעפער שנעל אַוועקגענעה־
מען (פון דאַנען).

קאַפּיטעל ל"ג.

1 אבער הער נאָר, איוב, מיינע ווערטער; אַלע מיינע
רייד זאָלסטו פאַרנעהמען.

2 איך האָב אויפגעעפענט מיין מויל, מיין צונג פון מיין
גומען רעדט.

3 פון מיין הערצענ׳ס עהרליכקייט קומען מיינע רייד, און וואָס מיינע ליפּען וויסען דאָס זאָגען זיי קלאָר אַרויס.
4 דער הויך פון גאָט האָט מיך געשאַפען, און דער אָטהעם פון דעם אַלמעכטיגען באַלעבט מיך.
5 אויב דו קענסט ענטפער מיר. גרייט זיך צו און שטעל זיך קעגען מיר.
6 איך בין דאָך אַזוי ווי דו אין קראַפט, איך בין דאָך אויך ווי דו פון לעהם אויסגעשניטען געוואָרען.
7 מיין מורא שרעקט דיך דאָך ניט, מיין גרויסקייט דריקט דאָך ניט שווער אויף דיך.
8 אבער דו האָסט אין מיינע אויערען געזאָגט, און דעם קלאַנג פון (דיינע) ווערטער האָב איך פאַרנומען:
9 „ריין בין איך, אָהן פאַרברעכען; לויטער בין איך, און איך האָב ניט קיין זינד.
10 „בלבולים בלויז געפינט ער אויף מיר, ער האַלט מיך פאַר זיין פיינד.
11 „ער טהוט אַריין מיינע פיס אין אַ שווערען קלאָץ, ער פּאַסט אויף אַלע מיינע וועגען.“
12 אָט דערין ביסטו ניט גערעכט — ענטפערען וויל איך דיר. דען גאָט איז גרעסער פון מענשען.
13 וואַרום קריגסטו זיך מיט איהם, פאַר וואָס ער זאָגט ניט אויס אַלע זיינע אויפטהוען?
14 איין מאָל רעדט גאָט און אַ צווייטעס, אָבער ער (דער מענש) באַמערקט עס ניט.

15 אין אַ טרוים־זעהונג פֿון דער נאַכט, ווען עס פֿאַלט אַ שלאָף אויף די מענשען, אין שלומער, אויפ'ן געלעגער.

16 דאַן דעקט ער אויף דאָס אויער פֿון דעם מענשען און פֿאַרזיגעלט עס מיט זיין וואַרנונג.

17 אום אָפּצוקעהרען דעם מענשען פֿון אַ (געוויסער) טהאַט, און צו אונטערדריקען דעם שטאָלץ פֿון דעם מענשען.

18 ער רעטעט (דאַדורך) זיין זעעל פֿון דעם גרוב, און זיין לעבען פֿון פֿאַרגעהן דורכ'ן שווערד. —

19 ווען ער (דער מענש) ווערט געשטראַפֿט מיט וועהטאַ־גען אויף זיין געלעגער און דער שטרייט פֿון זיינע ביינער איז שטאַרק,

20 און זיין געשמאַק עקעלט זיך מיט ברויט, און זיין זעעל — מיט דער אַנגענעהמסטער שפּייז,

21 (און) זיין פֿלייש ווערט אָפּגעצעהרט פֿון געזיכט, זיינע ביינער ווערען איינגעשרומפּט און זעהען זיך ניט אָן,

22 און עס דערנעהנטערט זיך צו דער גרוב זיין זעעל און זיין לעבען צו די טייטענדע (ענגעל) —

23 אויב עס איז דאָ בלויז איין פֿאַרטהיידיגענדער ענגעל פֿון טויזענד צו דערצעהלען דעם מאַנ'ס עהרליכקייט,

24 דאַן באַגנאַדיגט ער איהם און ער זאָגט: לייז איהם אויס פֿון אַרונטערצוגעהן אין גרוב, איך האָב דעם אויסלייז־פּרייז געפֿונען.

25 זיין פֿלייש ווערט ווידער ווי אין דער קינדהייט פֿול,

ער קעהרט זיך אום ווידער צו די טעג פון דער יוגענד.
26 ער בעט גאָט און ער באַוויליגט איהם און ער קוקט
אָן זיין געזיכט מיט לייטזעליגקייט דער ער באַ־
צאָהלט דעם מענשען פאַר זיין גערעכטיגקייט.
27 ער פאַרזאַמעלט דאַן מענשען (ארום זיך) און ער
זאָגט: איך האָב געזינדיגט, איך האָב פאַרדרעהט
דאָס וואָס איז גערעכט, אָבער עס האָט זיך מיר ניט
געלוינט. —
28 ער האָט מיין זעעל אויסגעלייזט פון צו געהן אין גרוב
און מיין לעבען זעהט (ווידער) דאָס ליכט. —
29 אָט די אַלע זאַכען טהוט גאָט איין מאָל און צוויי מאָל
מיט אַ מענשען,
30 אום צו רעטען זיין זעעל פון דער גרוב אום זי זאָל
באַלויכטען ווערען מיט דעם שיין פון לעבען.
31 האָרך, איוב, און הער מיר צו; שווייג און איך וועל
רעדען.
32 אויב דו האָסט ווערטער ענטפער מיר — דען מיר
ווילט זיך דיך גערעכט מאַכען,
33 אויב ניט, הער זיך צו צו מיר; שווייג און איך וועל
דיך לערנען קלוגהייט.

קאפיטעל ל"ד.

1 און אליהוא האָט אָנגעהויבען און האָט געזאָגט:
2 הערט, איהר קלוגע, מיינע ווערטער; איהר וועלכע
באַזיצט קענטעניס, האָרכט מיר איין.

3 דען דאָס אויער פּרובירט די ווערטער אַזוי ווי דער גומען פאַרשטעהט זיך אויף עסען.

4 זאָלען מיר וועהלען אונזער אורטהייל, זאָלען מיר צווי־שען אונז וויסען וואָס איז ריכטיג.

5 דען איוב האָט געזאָגט: אונשולדיג בין איך און גאָט האָט אַוועקגענומען מיין רעכט.

6 זאָל איך פאַרלייקענען מיין קריוודע? שמערצליך איז די פייל (וואָס האָט מיך געטראָפען) אָהן אַ פאַרברעך.

7 ווער איז דער מאַן וואָס אַזוי ווי איוב טרינקט שפּאָט ווי וואַסער?

8 ער וועט זיך אָנשליסען צו די באַנדע פון פאַרברעכער און געהן צוזאַמען מיט די מענער פון אונגערעכ־טיגקייט.

9 דען ער זאָגט: דער מענש קען גאָר ניט נוצען מיט דעם וואָס ער זוכט צו געפעלען גאָט.

10 דאַריבער, איהר מענער מיט פאַרשטאַנד, הערט מיר צו. ווייט איז גאָט פון (צו טהאָן) שלעכטס און דער אַלמעכטיגער — פון אונגערעכטיגקייט.

11 די טהאַט פון דעם מענשען באַצאָהלט ער איהם, נאָך דער פיהרונג פון דעם מענש, אַזוי שיקט ער איהם צו.

12 דען גאָט וועט ניט שולדיג מאַכען (אומזיסט), דער אַלמעכטיגער וועט די גערעכטיגקייט ניט פאַר־דרעהען.

13 ווער האָט געשטעלט די ערד אונטער זיין אויפ־פּאַסונג? ווער האָט די גאַנצע וועלט באַשאַפען?

14 ווען ער זאָל אויף איהם (דעם מענשען) בלויז ווענדען זיין אויפמערקזאַמקייט און זיין גייסט און זיין אָטהעם צוריק צו זיך איינזאַמלען,

15 פאַרגעהן וואָלט יעדער לייב, און דער מענש וואָלט זיך אומקעהרען צוריק צום שטויב.

16 אויב דו ווילסט פאַרשטעהן, הער דאָס צו; פאַרנעהם דעם קלאַנג פון מיינע ווערטער.

17 צי קען דען האַסען די גערעכטיגקייט דער וואָס איז דער רעגיערער? צי דעם מעכטיגען, דעם גערעכטען ווילסטו באַשולדיגען?

18 קען מען זאָגען צו דעם קיניג: נידערטרעכטיגער? צו דעם גרויסמוטהיגען: — פאַרברעכער? —

19 ער שוינט ניט די פירסטען; דער רייכער ווערט ניט אַנערקענט מעהר ווי דער נויטהבאַדירפטיגער, דען זיי אַלע זיינען דאָס ווערק פון זיינע הענד.

20 אין איין וויילע שטאַרבען זיי, און מיטען נאַכט ווערען זיי מאַסענווייז אַוועקגעשטורעמט, און זיי פאַרגעהען, און קראַפטלאָז ווערט דער מעכטיגער אָפּגעשאַפט.

21 דען זיינע אויגען זיינען אויף די וועגען פון דעם מענשען, ער זעהט אַלע זיינע טריט.

22 עס איז ניטאָ קיין פינסטערניס און קיין שאטען פון

טויט, וואו די וואָס טהוען אונרעכט זאָלען זיך קענען באַהאַלטען.

23 דען ער דאַרף אויף דעם מענשען ניט לעגען (זיין אויפ־מערקזאַמקייט) לאַנג אום ער זאָל קומען צו גאָט פאר'ן געריכט. —

24 ער צושמעטערט די שטאַרקע, גאָר ניט פאָרשענדיג, און שטעלט אַנדערע אויף זייער פּלאַץ.

25 ווייל ער ווייס זייערע טהאַטען. (דאַריבער) קעהרט ער (זיי) אום אין איין נאַכט און זיי ווערען צו־קוועטשט.

26 ווייל זיי זיינען געוועזען פאַרברעכער האָט ער זיי צו־שמעטערט, אין אַ פּלאַץ וואו (אַלע) זעהען.

27 ווייל זיי האָבען זיך פון איהם אָפּגעקעהרט, זיינע וועגען האָבען זיי ניט באַטראַכט.

28 און האָבען אויף זיך אַראָפּגעבראַכט דאָס געשריי פון דעם אָרעמען, און ער הערט דעם הילף־רוף פון די געדריקטע. —

29 ווען ער לאָזט צו־רוה, ווער וועט באַשולדיגען? — ווען ער באַהאַלט זיין געזיכט ווער וועט איהם אָנזעהן? — איוב דאָס איז קעגען אַ פאָלק אָדער קעגען אַ מענשען.

30 ער האַלט אָפּ דעם באַטריגער פון געוועלטיגען און דאָס פאָלק — פון שטרויכלונגען. —

31 צו גאָט זאָל מען זאָגען: איך האָב געליטען און איך וועל מעהר ניט זיין פאַרדאָרבען.

32 וואָס איך זעה ניט זאָלסטו מיך ווייזען; אויב איך
האָב געטהאָן אונרעכט, וועל איך עס מעהר ניט
טהאָן.
33 זאָל ער (גאָט) באַלויהנען לויט ווי דיר קומט אוים, לויט
ווי דו ווילסט ניט אָדער קלייבסט יא אוים און
ניט ווי איך? — און וואָס דו ווייסט, רייד.
34 מענשען מיט פאַרשטאַנד און דער קלוגער מאַן וואָס
הערט מיך וועלען זאָגען:
35 איוב רעדט אָהן פאַרנוּנפט און זיינע ווערטער זיינען
אָהן א זינן.
36 אָ ווי איך וואָלט געוואָלט אַז איוב זאָל נאָכאַנאַנד
פּרוּבירט ווערען, אַלס אַן ענטפער צו די מענער וואָס
טהוען אונרעכט!
37 דען ער לעגט נאָך צו פאַרברעכען צו זיינע זינד, ער
זיצט און ברעכט מיט די הענד צווישען אונז און ער
מעהרט זיינע ווערטער קעגען גאָט.

## קאפּיטעל ל"ה.

1 און אליהו האָט אָנגעהויבען און האָט געזאָגט:
2 רעכענסט דו דאָס פאַר אַ טענה ווען דו זאָגסט: איך
בין גערעכטער פון גאָט?
3 ווען דו זאָגסט: וואָס פאַר אַ נוץ וועסטו האָבען? וואָס
וועל איך מעהר אויפטהון (מיט מיין פרומקייט) ווי
מיט מיין זינדיגען?

4 וועל איך דיר מיט דיינע פריינד ענטפערען מיט (די) ווערטער :

5 קוק אין די הימלען און זעה, בליק אָן דעם הימעל־געוועלב ווי הויך איבער דיר ער איז.

6 ווען דו זינדיגסט, מיט וואָס ווירקסטו אויף איהם ? ווען דיינע פאַרברעכען מעהרען זיך וואָס טהוסטו איהם ?

7 ווען דו ביסט פרום וואָס גיסטו איהם, אָדער וואָס נעהמט ער פון דיין האַנד ?

8 אויף אַזאַ מענשען ווי דו (פאַלט) דיין שלעכטקייט און אויף אַ זוהן פון ערד — דיין גערעכטיגקייט.

9 צוליעב די פיעל אונטערדריקטע שריי'ען זיי (די מענ־שען), זיי רופען הילף קעגען דעם אָרעם פון די שטאַרקע.

10 און קיינער זאָגט ניט : וואו איז דער גאָט וואָס האָט מיך באַשאַפען, דער וואָס שענקט פרייד־געזאַנגען אין נאַכט (־פינסטערניסען) ?

11 דער וואָס האָט אונז געלערנט מעהר פאַר אַלע טהיע־רען פון דער ערד, און האָט אונז געמאַכט קליגער פאַר אַלע הימעל־פויגלען ?

12 זיי שרייען דאָרטען און ער ענטפערט ניט, צוליעב דעם שטאָלץ פון די שלעכטע.

13 דען פאַלשקייט הערט גאָט ניט צו, דער אַלמעכטיגער קוקט זי ניט אָן.

14 דו זאָגסט דו זעהסט איהם ניט, דאָך ברינג דיין משפּט
פאַר איהם און פאַרלאָז זיך אויף איהם.
15 אָבער ווייל (איוב טהוט) ניט אַזוי האָט ער איהם
באַשטראָפט מיט זיין צאָרען, און ער (איוב) פאַר־
שטעהט ניט זיינע גרויסע זינד.
16 און איוב עפענט אומזיסט אויף זיין מויל, אָהן פאַר־
שטאַנד זאַמעלט ער ווערטער.

## קאפּיטעל ל״ו.

1 און אליהו האָט אָנגעהויבען און האָט געזאָגט:
2 וואַרט מיר אַ ווײַלע און איך וועל דיר ערקלערען, דען
עס זיינען פאַראַנען נאָך מעהר ווערטער (צו זאָגען)
פון גאָט׳ס וועגען.
3 איך וועל אויפהייבען מיין געדאַנקען צו דעם וואָס איז
פון דערווייטען, און גערעכט געבען וועל איך מיין
באַשעפער.
4 אין מיינע ווערטער איז קיין ליגען ניט פאַראַנען, אויפ־
ריכטיג אין מיינע געדאַנקען בין איך מיט דיר. —
5 גאָט איז מעכטיג אבער ער פאַראַכטעט (קיינעם) ניט,
ער איז מעכטיג מיט דער שטאַרקייט פון זיין פאַר־
שטאַנד.
6 ער לאָזט די פאַרדאָרבענע ניט (לאַנג) לעבען, און די
געדריקטע פאַרשאַפט ער גערעכטיגקייט.
7 ער נעהמט ניט זיין אויג אַרונטער פון דעם גערעכטי־

גען, (זיי זיצען) מיט קיניגען אויפ'ן טהראָן, ער זעצט זיי אַוועק אויף שטענדיג און זיי ווערען דער־הויבען. —

8 אויב זיי זיינען געפאַנגען אין קייטען, אויב זיי ווערען באַצוואונגען אין די נעצען פון נויטה,

9 דאַן דערצעהלט ער זיי וואָס זיי האָבען געטהאָן און די זינד זייערע וועלכע האָבען זיך פאַרשטאַרקט,

10 און ער דעקט אויף זייער אויער פאַר (זיינע) שטראָפ־רייד, און ער הייסט זיי זיי זאָלען זיך אומקעהרען פון אונגערעכטיגקייט.

11 אויב זיי געהאָרכען און דיענען (איהם) דאַן וועלען זיי ענדיגען זייערע טעג אין גוטס און זייערע יאהרען אין פאַרגעניגען.

12 און אויב זיי געהאָרכען ניט דאַן וועלען זיי מיט'ן שווערד אַוועקגעהן, און זיי וועלען פאַרגעהן ווייל זיי האָבען קיין פאַרשטאַנד ניט.

13 אבער די פאַלש־הערציגע האַלטען אָן זייער צאָרען, זיי בעטען ניט הילף ווען ער בינדט זיי.

14 אין יוגענד ווערט שטאַרבען זייער זעעל און זייער לעבען (ווערט אונטערגעהן) צוזאַמען מיט די נואפים (אויסגעלאַסענע).

15 ער ציהט אַרויס דעם באַדריקטען פון זיין באַדריקונג, און אין נויטה דעקט ער אויף זיין אויער. —

16 ער וואָלט דיך אויך אַרויסגעצויגען פון דעם פיינד'ס

מויל אויף אַ ברייטען רוים וואו עס איז ניטאָ קיין ענגשאַפט, און די שפייז פון דיין טיש וואָלט געווען פול מיט פעטקייט.

17 אבער דו ביסט פול מיט די טענות פון אַ פאַרברעכער, (דאַריבער) האַלטען דיך פעסט (גאָט'ס) אורטהייל און שטראָף.

18 דען עס איז (אויף דיר) אַ צאָרען און (היט זיך) ער זאָל דיך ניט אַוועגשטויסען מיט זיין קלאַפּ, אַ גרויס אויסלייז־געלד וועט דיך (דאַן) ניט רעטען.

19 וועט ער דען אַכטען דיין פאַרמעגען? — ניין, ניט טהייערע מעטאַלען, און ניט אַלע מיטלען פון רייכטהום.

20 שטרעב ניט צו יענער נאַכט ווען פעלקער ווערען פאַרשוואונדען פון זייערע פלעצער.

21 היט זיך, קעהר זיך ניט צו גאָטלאָזיגקייט, דען בלויז פון ליידען האָסטו זי (די גאָטלאָזיגקייט) אויסגעוועהלט.

22 גאָט איז ערהאַבען אין זיין מאַכט, ווער איז אַזאַ לעהרער ווי ער? —

23 ווער קען באַשטימען פאַר איהם זיין וועג? ווער קען זאָגען צו איהם: דו האָסט אַ'ן אונרעכט געטהאָן?

24 געדענק (צו אַכפּערן און) צו גרייסען די ווערק זיינע וואָס (אַלע) מענשען האָבען געזעהן.

25 אַלע מענשען האָבען עס אָנגעקוקט, יעדער מענש האָט
עס אָנגעבליקט פון דער ווייטען.
26 גאָט איז גרויס און מיר פאַרשטעהען ניט ; די צאָהל
פון זיינע יאהרען איז ניט צו דערפאָרשען.
27 ער זאַמעלט איין די טראָפּענס וואַסער און זיי ווערען
אין זיין נעבעל געלייטערט אויף רעגען.
28 די הימלען פליסען, און טריעפען אויף מאַסען פון
מענשען.
29 און פאַרשטעהט (ווער) די אויסשפּרייטונגען פון די
וואָלקען ? דאָס געפּילדער פון זיין געצעלט ?
30 ער פאַרשפּרייט דאַרויף זיין ליכט און ער פאַרהילט
די וואָרצלען פון דעם ים.
31 מיט זיי רעגיערט ער די פעלקער, און שענקט (זיי)
פיעל שפּייז.
32 ער באַדעקט זיינע הענד מיט דעם שימער (פון בליץ)
און באַפעהלט (די כמאַרע) קעגען (זיין) אָנגרייפער
(ארויסצוגעהן).
33 זיין (דונער־) ליאַרעם דערצעהלט פון איהם (און) דער
גרימצאָרן פון דעם שטורעם־ווינד.

קאַפּיטעל ל"ז.

1 דאַריבער ציטערט מיין האַרץ און שפּרינגט פון זיין
פּלאַטץ.
2 אָ הערט דעם טרייסעל פון זיין שטים, דאָס
ברומען (פון שטורעם) וואָס געהט פון זיין מויל אַרויס.

3 אונטער דעם גאַנצען הימעל לאָזט ער עס לויז, און זיין בליץ — ביז די עקען פון דער ערד.

4 הינטער איהם (דעם בליץ) ברילט אַ שטים און ער דונערט וואונדערבאַר מיט זיין קול; ער האַלט זיי ניט איין, דאַמיט זיין ליאַרעם זאָל געהערט ווערען.

5 גאָט דונערט מיט זיין ערהאַבענער שטים, ער טהוט אויף גרויסע זאַכען און מיר וויסען ניט.

6 ער זאָגט צו דעם שנעע: זיי אויף דער ערד, און אויך צו דעם שלאַקס־רעגען, און צו דעם רעגען פון זיינע מעכטיגע אויסגוסען.

7 (און) ער הינדערט יעדע מענשענהאַנד (פון ארבייט) כדי אַלע מענשען, וואָס ער האָט באַשאַפען, זאָלען עס וויסען.

8 דאַן פאַררוקט זיך די חיה אין איהר רוה־אָרט, אין איהר נאָרע בלייבט זי ליעגען.

9 פון (זיין) קאַמער קומט אַרויס דער שטורעם־ווינד, פון דעם צפון קומט אַן די קעלט.

10 פון גאָט'ס הויך ווערט דאָס אייז פאַרגליווערט, און די ברייטע וואַסערען ווערען האַרט.

11 און מיט פייכטקייט לאדט ער אָן דעם וואָלקען, און ער שפּרייט זיין בליץ־חמאַרע פאַנאַנדער.

12 דורך זיין אויסרעכנונג דרעהען זיי זיך רונד אַרום, צו טהון די אַרבייט לויט ווי ער באַפעהלט זיי אויף דער ערדישער וועלט.

13 ענטוועדער אַלס שטראָף פאַר דער ערד, אָדער אַלס אַ
גענאָד שיקט ער עס אַרונטער. —

14 פאַרנעהם דאָס, איוב, שטעה און באַטראַכט די וואונ־
דער־טהאַטען פון גאָט.

15 ווייסטו דען ווי גאָט לעגט אַרויף (זיין געזעץ) אויף זיי;
און ווי ער לאָזט זיין וואָלקען־בליץ ערשיינען?

16 ווייסטו ווי די וואָלקענס באַלאַנסירען זיך? די וואונ־
דערליכע טהאַטען פון איהם וועמענס גענאַנקען עס
זיינען פאָלקאָמען?

17 דו, וואָס דיינע קליידער זיינען וואַרעם ווען דער דרום־
ווינד ווערט שטיל אויף דער ערד —

18 האָסטו מיט איהם צוזאַמען אויסגעצויגען די הימלען,
פעסט ווי שפּיגעל אויסגעגאָסען? —

19 טאָ לאָז אונז וויסען וואָס מיר זאָלען איהם זאָגען.
מ י ר קענען קיין אָרדענונג ניט געפינען, צוליעב דער
פינסטערניס.

20 דארף מען איהם (גאָט) דען דערצעהלען, וואָס איך
רייד? ווען אַ מענש זאָגט עפּעס איז עס דען פאַר־
הוילען?

21 אָט נאָר־וואָס האָט מען דאָס העלע ליכט פון די הימלען
ניט געזעהן און שוין איז אַ ווינד דורכגעגאַנגען און
האָט זיי אויסגעלייטערט.

22 פון צפון קומט דאָס גאָלדענע ליכט; אַ מורא׳דיגער
גלאַנץ איז אַרום גאָט. —

23 דעם אלמעכטיגען קענען מיר ניט געפינען, ער איז
גרויס אין מאכט און גערעכטיגקייט און אין גוטס־
קייט, ער אונטערדריקט (קיינעם) ניט.
24 דאריבער האבען מענשען מורא פאר איהם, ער קוקט
זיך ניט אום, אפילו אויף די קלוגע.

קאפיטעל ל״ת.

1 און גאט האט געענטפערט איוב׳ן פון א שטורעם־ווינד
און האט געזאגט:
2 ווער פארטונקעלט עס מיינע פלענער מיט ווערטער אהן
פארשטאנד?
3 גורט אן ווי א מאן דיינע לענדען, איך וועל דיך פרעגען
און דו גיב מיר צו פארשטעהן.
4 וואו ביסטו געווען ווען איך האב די ערד געגרינדעט?
זאג, אויב דו האסט פארשטאנד.
5 ווער האט געמאכט איהרע מאסען, צי ווייסטו עס?
ווער האט אויף איהר א מעסט־שנור געצויגען?
6 אויף וואס זיינען איהרע פונדאמענטען געשטעלט
געווארען? ווער האט איהר ווינקעלשטיין געלעגט?
7 דאן ווען אלע שטערען פון מארגען האבען צוזאמען
געזונגען, און געשריען פון פרייד האבען אלע קינדער
פון גאט?
8 ווען ער האט מיט טהירען פארשפארט דעם ים, דאן
ווען ער האט זיך צוערשט פון זיין געבערמוטער
ארויסגערוקט?

9 ווען איך האָב פון וואָלקענס פאַר איהם אַ קלייד געמאַכט, און וויקעל־שנורען — פון דעם נעבעל ?

10 ווען איך האָב פאַר איהם אַ גרענעץ באַשטימט און ריגלען און טהירען ארויפגעלעגט (אויף איהם) ?

11 ווען איך האָב געזאָגט : ביז דאַנען זאָלסטו קומען און ווייטער זאָלסטו ניט געהן, דאָ זאָל זיך פאַרהאַלטען דער שטאָלץ פון דיינע װעלען ?

12 האָסטו דען אין דיינע טעג דעם מאָרגען באַפוֹיהלען, האָסטו דער מאָרגענרויטקייט אָנגעוויזען איהר פּלאַץ ?

13 אָדער אָנגענומען די ווינקלען פון דער ערד אום די פאַרדאָרבענע זאָלען פון איהר אַרונטערגעטרייסעלט ווערען ?

14 זי ענדערט זיך אַזוי ווי זיגעל־וואַקס און אַלצדינג ווערט ווי ניי באַקליידט.

15 און פון די פאַרברעכער ווערט זייער ליכט אוועגגענומען, און דער מעכטיגער אָרעם ווערט צובראָכען.

16 ביזט דו צו די קוואַלען פון ים געקומען, האָסטו אויף דעם דעק פון ים שפּאַציערט ?

17 זיינען פאַר דיר די טויערען פון טויט אַנטפּלעקט געוואָרען ? — האָסט דו די שאטענס פון טויט אָנגעקוקט ? —

18 האָסטו באַגריפען די ברייטע רוימען פון דער ערד ? — זאָג, אויב דו ווייסט דאָס אַלעס.

19 וואו איז דער וועג (צו דעם אָרט) וואו די ליכטיגקייט וואוהנט? וואו איז פון פינסטערנים דער פּלאַץ?

20 קענסטו זי ברינגען צו איהר גרענעץ, ווייסטו די שטעגען (וואָס פיהרען) צו איהר הויז?

21 געוויס ווייסטו עס ווייל דו ביסט דאַן שוין געבאָרען געווען, און די צאָהל פון דיינע טעג איז (אַזוי) גרוים! —

22 ביסטו צו די שפּייכלערס פון שנעע געקומען, האָסטו די מאַגאַזינען פון האָגעל געזעהן,

23 וואָס איך האָב באַהאַלטען פאַר אַ צייט פון נויט, פאַר דעם טאָג פון קאַמפּף און שלאַכט? —

24 וואו איז דער וועג אויף וועלכען עס טהיילט זיך אָפּ דאָס ליכט? און ס'צושפּרייט זיך דער מזרח־ווינד איבער דער ערד?

25 ווער האָט געשניטען אַ קאַנאַל פאַר דעם שטראָם? און אַ וועג פאַר דעם דונער־בליץ?

26 צו ברינגען רעגען אויף אַ לאַנד וואו עס איז קיין מענש ניטאָ, אויף אַ וויסטע וואו קיין ערדענזוהן איז ניט פאַראַנען?

27 צו זעטיגען אַ מדבר און אַ וויסטענים און צו מאַכען וואַקסען די שפּראָצונג פון גראָז?

28 האָט דען דער רעגען אַ פאָטער? און ווער האָט געבאָרען די טראָפּענס פון דעם טהוי?

29 פון וועמענ'ס בויך איז דאָס אייז אַרויס ? דער פראָסט
פון הימעל ווער האָט איהם געהאַט ?
30 (ווען) די וואַסערען בעהאַלטען זיך ווי אונטער אַ
שטיין (־דעק), און דאָס געזיכט פון דעם תהום ווערט
קענסטו די לייצעס פון דעם אָריאָן לויזמאַכען ?
31 קענסטו בינדען די שטריק פון די זיבען שטערען ?
קענסטו די לייצעס פון דעם אָריאָן לויזמאַכען ?
32 קענסטו די (צוועלף) מזלות אַרויסברינגען אין דער
צייט ? קענסטו אַרויספיהרען דעם בער (־שטערען)
מיט זיינע קינדער ?
33 ווייסטו די געזעצען פון די הימלען ? קענסטו אויף
דער ערד אָרדענונג מאַכען ?
34 קענסטו צו דעם וואָלקען דיין שטים אויפהייבען און
אַ פלייצונג פון וואַסער זאָל דיך באַדעקען ? —
35 קענסטו די בליצען אַרויסשיקען און זיי זאָלען געהן,
און זיי זאָלען דיר זאָגען: אָט זיינען מיר ? —
36 ווער האָט קלוגהייט אַריינגעטהאָן אין (דעם מענ־
שענ'ס) ניערען ? און ווער האָט דעם זינען געגעבען
פאַרשטאַנד ? —
37 ווער האָט מיט קלוגשאַפט די הימלען ווי סאַפיר (בלאָ)
געפאַרבען ? ווער ליידיגט אויס די וואַסער לאָגלען
פון הימעל,
38 דאַן ווען דער שטויב איז פעסט צוזאַמענגעקנאָטען,
און די שטיקער ערד ווערען באַהעפט ? —

39 קענסטו פאַר דער לעווין רויב פאַנגען ? קענסטו נאַה־
רונג פאַר די יונגע לייבען צושטעלען,

40 דאַן ווען זיי ליגען צונויפגעבויגען אין זייערע נאָרעס,
ווען זיי זיצען לויערנדיג אין (זייער צווייג־)
געצעלט ? —

41 ווער גרייט אָן דער ראָב איהר שפייז, ווען איהרע
קינדער שרייען צו גאָט און בלאָנדזשען אָהן
נאַהרונג ? —

קאפיטעל לט.

1 ווייסטו ווען די באַרג־ציגען געבערען ? פאַסטו אויף
די צייט ווען די הירשין געהט צו קינד ?

2 צעהלסטו ביז זיי האָבען זייערע מאָנאַטען פול, און
ווייסטו די צייט פון זייער געווינען ?

3 זיי קניען אַרונטער, זיי וואַרפען אַרוים זייערע יונגע
און באַפרייען זיך פון זייערע וועהען.

4 זייער קינדער זיינען געזונד און וואַקסען אויף אויפ'ן
פרייען פעלד ; זיי געהען אַוועק און קעהרען זיך ניט
מעהר אום צוריק.

5 ווער האָט דעם ווילדען עזעל פריי אַרויסגעלאָזען ? די
פענטעם פון דעם וואַלדעזעל ווער האָט אָפּגעבונדען ?

6 וואָס דאָס ווייסטע האָב איך פאַר זיין היוז געמאַכט, און
פאַר זיין וואָהנונג — דאָס זאַלציגע לאַנד.

7 ער לאַכט פון דעם גערויש פון דער שטאָדט, די געשריי־
ען פון דעם אָנטרייבער הערט ער ניט.

8 דאָס וואָס ער געפינט אויף די בערג איז זיין פּאַשע, ער
זוכט נאָך יעדע שטיקעל גראָז. —

9 וועט דען דער בופעל־אָקס דיר ווילען דיענען? וועט
ער ביי דיין קאָרעטע איבערנעכטיגען?

10 קענסטו צובינדען דעם בופעל־אָקס צו דער אַקער מיט
אַ שטריק? וועט ער צובראָנעווען די טהאָלען הינטער
דיר?

11 קענסטו זיך אויף איהם פאַרטרויען ווייל ער איז
שטאַרק, קענסטו אויף איהם דיין האָרעוואַניע
איבערלאָזען? —

12 קענסטו איהם אָנטרויען אַז ער וועט דיינע קערנער
אַריינברינגען און וועט דיינע תבואה איינזאַמלען?

13 (האָסטו געמאַכט) דאָס פרעהליכע פליגעל פון דער
שטרויס־פויגעל? די פליגלען און די פעדערען פון
דעם שטאָרך?

14 זי (די שטרויס־פויגעל) לאָזט אויף דער ערד איהרע
אייער און וואַרעמט זיי אין שטויב,

15 און פאַרגעסט אַז א פוס קען זיי צוקוועטשען און אַ
חיה פון פעלד קען זיי צודריקען.

16 ער האָט זי גרויזאַם געמאַכט קעגען איהרע קינדער
אַזוי ווי זיי וואָלטען זיין ניט איהרע. אומזיסט איז
איהר מיה, און (זי האָט) קיין שרעק ניט.

17 דען גאָט האָט זי אויסגעלאָזען (ביי דער פאַרשענקונג

פון חכמה, ער האָט איהר קיין פאַרשטאַנד ניט איינ־
געטהיילט.

18 ווען זי שטעלט זיך אויף צו דער הויך, לאַכט זי פון
פערד און פון זיין רייטער. —

19 גיסטו דעם פערד שטאַרקייט? טהוסטו אָן אַ גריווע
אויף זיין האַלז?

20 מאַכסט דו איהם שפּרינגען ווי אַ היישעריק? דער
שטאָלץ פון זיינע נאָזלעכער וואַרפט אַ שרעק.

21 ער גראָבט דעם טהאָל (מיט זיינע קאָפּיטעס), ער
פרעהט זיך מיט זיין מאַכט, ער געהט אַרויס אַקעגען
דעם וואַפען.

22 ער לאַכט זיך אויס פון מורא און ווערט ניט דערשראָ־
קען, ער טרעט ניט פאַר'ן שווערד צוריק.

23 עס רוישען איהם אַנטקעגען דער בייטעל פון די
פיילען, די קלינגען פון שפּיז און פון פּיקע.

24 מיט ליאַרעם און מיט אונגעדולד גריבעלט ער די
די ערד, ער קען ניט איינשטעהן צוליעב דעם קלאַנג
פון טראָמפּייט.

25 ער לאָזט אַרויס אַ פריידֿ־געשריי אַקעגען דעם טראָמ־
פּייט, ער שמעקט פון דער ווייטען די שלאַכט, און
דער ליאַרעם און דאָס שאַלען פון די קריגסלייט. —

26 פליהט צוליעב דיין קלוגהייט דער פאַלקען־פויגעל,
און שפּרייט קעגען דרום זיינע פליגלען? —

27 הויבט זיך אויף דיין באפעהל דער אָדלער אויף, און בויט אַ נעסט זיך אין דער הויך ?
28 אויף אַ הויכען שטיין רוהט ער און וואָהנט, אויף אַ שפּיץ פעלז און אויף אַ באַרג־טהורעם.
29 פון דאָרטען זוכט ער זיין שפּייז, פון וייטען קוקען זיינע אויגען.
30 און זיינע יונגע זופּען בלוט, און וואו די געטויטע ליגען דאָרט איז ער פאַראַן.

## קאפּיטעל מ.

1 און גאָט האָט איוב'ן געענטפערט און האָט געזאָגט:
2 צי דער וואָס קריגט זיך מיט גאָט וויל איהם מוסר'ן? דער וואָס וכוח'ט זיך מיט גאָט זאָל עס ענטפערען.
3 און איוב האָט געענטפערט גאָט און האָט געזאָגט:
4 איך האָב אַ ווינציגען באַטרעף. וואָס זאָל איך דיר ענט־פערען ? איך האָב אַרויפגעלעגט מיין האַנד אויף מיין מויל.
5 איין מאָל האָב איך גערעדט, אָבער איך וועל ניט מעהר ענטפערען, יא צוויי מאָל, אָבער איך וועל עס מעהר ניט טהאָן. —
6 און גאָט האָט איוב'ן געענטפערט פון דעם שטורעם־ווינד און האָט געזאָגט:
7 גורט אָן ווי אַ מאַן דיינע לענדען, איך וועל דיך פרעגען און דו זאָלסט מיר ערקלערען.

8 ווילסטו פאַרניכטען מיין באַשלוס? ווילסטו מיך באַ־
שולדיגען כדי דו זאָלסט בלייבען ריין? —

9 אויב דו האָסט דעם אָרעם פון גאָט און מיט זיין שטים
קענסטו דונערען —

10 טהו זיך אָן מיט שטאָלץ און ערהאַבענהייט, מיט
פּראַכט און מיט גלאַנץ זאָלסטו זיך באַקליידען,

11 און פאַרשפּרייט די וואוטה פון דיין צאָרען, זעה יעדען
וועלכער האַלט זיך גרויס און דערנידער איהם.

12 זעה יעדען וואָס האַלט זיך גרויס און בייג איהם
אַרונטער, צושטויס די פאַרברעכער אויף זייער אָרט.

13 באַהאַלט זיי צוזאַמען אין שטויב, פאַרהיל זייער
געזיכט אין פאַרבאָרגענים.

14 און איך וועל דיך אויך לויבען, ווען דיין רעכטע האַנד
וועט דיך בײשטעהן. —

15 אָט איז דאָס וואַסער פערד וואָס איך האָב באַשאַפען
נעבען דיר, ער עסט גראָז אַזוי ווי אַ רינד.

16 ער האָט מאַכט אין זיינע לענדען און קראַפט אין די
מוסקעלען פון זיין בויך.

17 ער באַוועגט זיין עק אַזוי ווי אַ צעדערבוים, די אָדע־
רען פון זיינע פּאָלקעס זיינען ווי צווייגען גע־
פלאָכטען.

18 זיינע ביינער זיינען רעהרען פון קופּער, זיינע
קנאָכענס — ווי אייזערנע שטאַנגען.

19 ער איז דער פער פון גאָט'ס ווערק, בלויז זיין באַשעפער קען (איהם) דערגרייכען (מיט) זיין שווערד.

20 עס טראָגען איהם פרוכט די בערג דאָרט וואו עס שפיעלען זיך אַלע חיות פון פעלד.

21 אונטער שאָטענדיגע בוימען ליגט ער אין דעם באַהעלטענים פון וואַסערשטעקלעך און פון זומפּ.

22 די בוימען באַדעקען איהם מיט אַ שאָטען, איהם רינגלען אַרום די ריטער פון טייך.

23 ער רויבט דעם טייך און איילט זיך ניט, ער שרעקט זיך ניט ווען ער ציהט אַ ירדן אַריין אין זיין מויל.

24 קען איהם ווער פאַנגען פאַר זיינע אויגען? צי דורך אַ פאַסטקע איהם די נאָז דורכלעכערען? —

25 קענסטו דעם וואַהלפיש אַרויפציהען מיט אַ ווענדע? צי מיט אַ שטריק אַרונטערשלעפּען זיין צונג?

26 קענסטו אַ ראָהר איהם אַריינשטעקען אין נאָז? צי מיט אַ דאָרען זיינע באַקען דורכבויערען?

27 צי וועט ער זיך לאַנג בעטען ביי דיר? צי וועט ער ווייך ריידען צו דיר?

28 צי וועט ער אַ בונד מיט דיר שליסען? און דו וועסט איהם נעהמען פאַר דיין אייביגען שקלאַף?

29 צי וועסטו מיט איהם ווי מיט אַ פויגעל שפּיעלען און וועסט איהם אַנבינדען פאַר דיינע מיידלעך (צום שפּאַס)?

30 צי וועלען די פישפאַנגער פון איהם אַ מאָהלצייט

מאַכען? צי וועלען זיי איהם צווישען די קויפלייט פאַרטהיילען? —

31 צי וועסטו מיט שפּיציגע וואַפּענס אָנפילען זיין הויט און מיט פישער־שפּיזען — זיין קאָפּ?

32 פּרוביר לעג אַרויף דיין האַנד אויף איהם. דערמאָן זיך אָן דעם קאַמפּף און דו וועסט עס מעהר ניט טהאָן.

קאַפּיטעל מא.

1 זיין האָפנונג ווערט דאָך צו גאָר נישט, שוין פון זיין אָנבליק אליין, ווערט ער אַנידערגעשליידערט.

2 עס איז ניטאָ איינער וואָס איז אַזוי מוטהיג און זאָל וואַגען א י ה ם אויפצורייצען — היינט ווער־זשע וועט זיך שטעלען קעגען מ י ך? —

3 ווער עס איז מיר אַנטקעגען געקומען דעם וועל איך באַצאָהלען. אַלצדינג וואָס איז אונטער די הימלען געהערט דאָך צו מיר. —

4 איך וועל ניט פאַרשוויגען (די שילדערונג פון) זיינע גליעדער, זיין שטאַרקייט און זיין שען געביי.

5 ווער האָט אָפּגעדעקט די פאָדערזייט פון זיין קלייד? ווער קען אַריינדרינגען צווישען זיין דאָפּעל־געביס (פון צייהנער)?

6 ווער קען אויפמאַכען די טהירען פון זיין געזיכט? אַרום זיינע צייהנער (הערשט) אַ גרויל.

7 פּרעכטיג זיינען די שטאַרקע פּאַנצער־שופּען, צוזאַמענגעשלאָסען אַזוי ווי מיט אַ פעסטען זיגעל.

8 איינס ריהרט אָן דעם צווייטען, קיין אָטהעם קען צווי־
שען זיי ניט דורכגעהן.
9 א יינער אָן דעם צווייטען איז באַהעפט, צוזאַמענגעקלאַ־
מערט פעסט און זיי קענען זיך ניט פאַנאַנדער־
טרענען.
10 פון זיין ניעסען שימערט אַרויס אַ ליכט, זיינע אויגען
זיינען ווי די ברעמען פון מאָרגען.
11 פלאַקערנדע פאַקעלען געהען אַרויס פון זיין מויל,
פונקען פליהען פון איהם.
12 פון זיינע נאָזלעכער געהט אַ רויך, אַזוי ווי פון אַ טאָפּ
אָדער אַ קעסעל וואָס קאָכט.
13 זיין אָטהעם גליהט ווי קויהלען, און אַ פלאַם שיסט
אַרויס פון זיין מויל.
14 אין זיין נאַקען ליגט מאַכט, און איהם פאָראויס
טאַנצט דער שרעק.
15 די פּלאָסטען פון זיין לייב זיינען ענג צוזאַמענגע־
קלעפּט, אויסגעגאָסען ווי מעטאַל אויף איהם,
אונבאַוועגליך.
16 פעסט ווי אַ שטיין איז זיין הערץ, פעסט ווי אַ'ן אונ־
טערסטער מיהל־שטיין.
17 פון זיין גרויסקייט ווערען די מעכטיגע צושראָקען;
און פון אַנגסטען פאַרשווינדען זיי.
18 ווען אימיצער זאָל איהם אָניאָגען וואָלט קיין שווערד

ניט אויסהאַלטען, און קיין שפּיעז און קיין פייל און
קיין פּאַנצער.
19 אייזען איז ביי איהם ווי שטרוי פאַררעכענט, און
קופּער — ווי האָלץ וואָס איז פאַרפוילט.
20 די פייל פון בויגען וועט איהם ניט פאַריאָגען, און
שליידער־שטיינער ווערען ביי איהם אין שפּריי פאַר־
וואַנדעלט.
21 גלייך ווי אַ שטרוי איז דער פלאָקען, ער לאַכט פון דעם
שוואונג פון דעם שפּיעז.
22 אונטער איהם ליגען שאַרפע שערבלעך, ער בעט זיך
אוים אויף שפּיציגע (שטיינער) ווי אויף לעהם.
23 ער צוקאָכט די טיעפעניסען ווי אַ טאָפּ, ער מאַכט
דעם ים זידען ווי אַ היים געקעכטס.
24 הינטער איהם לאָזט ער אַ ליכטיג־ווייסען שטעג (אַזוי
אַז) מע מיינט אַז דער ים איז גראָ.
25 עס איז ניטאָ אויף דער וועלט זיין גלייכען, אונער־
שראָקען (אַזוי ווי ער).
26 ער קוקט מיט פאַראַכטונג אויף אַלע הויכע זאַכען, ער
איז דער קיניג פון אַלע ווילדע טהיערען.

קאַפּיטעל מב.

1 און איוב האָט געענטפערט גאָט און האָט געזאָגט:
2 איך ווייס אַז דו קענסט אַלץ טהאָן, קיין באַשלוס דיינער
קען ניט אָבגעהאַלטען ווערען.

3 ווער איז דער וואָס פאַרדונקעלט (דיין) פּלאַן, אָהן פאַרשטאַנד? דאַריבער האָב איך געזאָגט: איך באַ־גרייף (עס) ניט, דאָס זיינען וואונדער פאַר מיך, און איך פאַרשטעה (זיי) ניט.

4 הער נאָר צו און איך וועל ריידען; איך וועל דיך פרעגען און דו ערקלער מיר.

5 (בלויז) מיט דעם געהער פון אויער האָב איך דיך געהאַט געהערט, און איצט האָט (אויך) מיין אויג דיך געזעהן.

6 דאַריבער וואַרף איך אַוועק פון זיך (די פריהערדיגע ווערטער) און האָב חרטה; דען איך בין בלויז שטויב און אַש.

7 און עס איז געשעהן נאָך דעם ווי גאָט האָט גערעדט די דאָזיגע ווערטער צו איוב'ן, אַז גאָט האָט געזאָגט צו אליפז דעם תימני: מיין צאָרען ברענט אויף דיר און אויף דיינע צוויי פריינד וואָס איהר האָט צו מיר ניט גערעדט אַזוי ווי עס געהער צו זיין, אַזוי ווי מיין קנעכט איוב.

8 און איצט נעהמט זיבען שטיערען און זיבען בעק און געהט צו מיין קנעכט איוב'ן און איהר זאָלט זיי אויפברינגען אַלס בראַנדאָפּפער פאַר אייך; און מיין קנעכט איוב וועט תפלה טהאָן פאַר אייך; דען בלויז איהם אַליין וועל איך לייטזעליגען אום ניט צו טהאָן אייך קיין שלעכטס פאַר וואָס איהר האָט צו

מיר ניט גערעדט, ווי ס׳געהער צו זיין, אזוי ווי מיין
קנעכט איוב.
9 און עס זיינען געגאנגען אליפז דער תימני און בלדד
דער שוחי און צופר דער נעמתי און האָבען געטהאָן
ווי גאָט האָט צו זיי גערעדט און גאָט האָט באַגנאַ־
דיגט איוב׳ן.
10 און גאָט האָט צוריקגעבראַכט איוב׳ן צו זיין אַמאָלי־
גען שטאַנד, ווען ער האָט געבעטען פאַר זיינע
פריינד. און גאָט האָט פאַרמעהרט אַלצדינג וואָס
איוב האָט אַמאָל געהאַט דאָפּעלט.
11 און עס זיינען געקומען אַלע זיינע ברידער און זיינע
אַלע שוועסטער און די וואָס האָבען איהם געקענט פון
אַמאָל און זיי האָבען מיט איהם געגעסען ברויט אין זיין
הויז און זיי האָבען איהם באַדויערט און זיי האָבען
איהם געטרייסט אויף דאָס אונגליק וואָס גאָט האָט
אויף איהם געבראַכט און זיי האָבען איהם געגעבען
איטליכער אַ קשיטה (געלד שטיק) און איטליכער אַ
נאָז־רינג פון גאָלד.
12 און גאָט האָט געבענשט דאָס ענד פון איוב׳ן נאָך
מעהר ווי זיין אָנהויב און ער האָט פאַרמאָגט פער־
צעהן טויזענד שעפּסען און זעקס טויזענד קעמלען
און טויזענד פּאָאר רינדער און טויזענד עזעלינען.
13 און ער האָט געהאַט זיבען זיהן און דריי טעכטער.
14 און ער האָט גערופען דעם נאָמען פון איינער ימימה

און דעם נאָמען פון דער צווייטער קציעה און דעם
נאָמען פון דער דריטער, קרן הפּוך.
15 און עס זיינען ניט געפונען געוואָרען אזעלכע שענע
פרויענצימער ווי די טעכטער פון איוב׳ן אין דעם
גאַנצען לאַנד, און זייער פאָטער האָט זיי געגעבען
אַ טהייל ירושה צווישען זייערע ברידער.
16 און איוב האָט געלעבט נאָך דעם, הונדערט און פערציג
יאָהר און ער האָט געזעהן זיינע קינדער און זיינע
קינד׳ס קינדער (ביז) פיער דורות.
17 און איוב איז געשטאָרבען אַלט און זאַט מיט טעג.

# שיר השירים

---

## קאַפּיטעל א.

1 דאָס ליעד פון (אַלע) ליעדער — שלמה'ס :—

2 אָ קוסען מיך זאָל ער,
מיט די קוסען פון זיין מויל !
דען זיסער פון וויין
איז דיין ליעבע.

3 אַנגענעהם פאַר'ן גערוך,
זיינען די דופט־אוילען דיינע ;
צוגאָסענער דופט־אויל —
דיין נאָמען.
דרום האָבען די יונגפרויען
ליעב דיך געקריגען.

4 אָ ציה מיך אַהין נאָך זיך,
אָ לאָזען מיר לויפען !

געבראַכט האָט דער קיניג מיך,
אין די קאַמערען זיינע. —

לאָזען מיר לוסטיג זיין
און זיך פרעהען מיט דיר,
דערמאָהנען דיין ליעבע
(וואָס זיסער) פון וויין (איז). —

ריכטיג ליעב,
דיך האָבען זיי. —

5 שווארץ בין איך, דאָך שען,
אַ טעכטער פון ירושלים,
ווי קדר'ס געצעלטען,
ווי שלמה'ס גאַרדינען!

6 ניט קוקט מיך אָן,
וואָס איך בין שוואַרצלעך,
דען אָפּגעברענט
פון זונן בין איך.
די זיהן פון מיין מוטער
האָבען געצאָרענט אויף מיך,
זיי האָבען געמאַכט מיך,
צו היטען די וויינגערטנער;
דעם וויינגאַרטען מיינעם,
ניט אָפּגעהיט האָב איך.

7 אַ זאָג מיר דו,
וואָס מיין זעעלע ליעבט,

וואו פיטערסט דו ?
וואו לאַגערסט דו
אין מיטאָג־צייט ?
וואָרום זאָל איך זיין,
ווי איינע וואָס בלאָנדזשעט,
צווישען די סטאַדעס
פון דיינע חברים ? —

8 אויב דו ווייסט עס דיר ניט,
דו שענסטע פון פרויען,
געה דיר אַרוים,
אין די טריט פון די שאָף,
און פיטער
די ציקעלעך דיינע,
נעבען די פּאַסטוך־געצעלטען. —

9 צו דעם פערד
פון דעם רייטוואָגען פּרעה'ס,
פאַרגליכען דיך האָב איך,
פריינדין מיינע !

10 ליעבליך זיינען,
די באַקען דיינע,
אין די שנורען (פון צירונג) ;
דיין האַלז —
אין די רייהען (פון פערל).

11 שנורען פון גאָלד,
מאַכען דיר וועלען מיר
מיט פינטלעך פון זילבער. —

12 אין צייט ווען דער קיניג,
געוועזעןביים טיש איז,
געגעבען זיין דופט
מיין נאַרד־געווירץ האָט.

13 אַ בינטעל פון מירע (בשמים),
מיר איז מיין געליעבטער,
צווישען די בריסט מיינע,
רוהען זאָל ער.

14 אַ ציפּער־בלום בוקעט,
פון עין גדי׳ם גערטנער,
איז מיין געליעבטער מיר.

15 שען ביזט דו,
פריינדין מיינע,
שען ביזט דו!
דיינע אויגען,
זיינען טויבען. —

16 שען ביזט דו,
געליעבטער מיינער,

און אַנגענעהם דערצו. —
פריש־גרין איז
אונזער געלעגער.

17 אונזערע הויז־באַלקענס,
זיינען צעדערען,
אונזערע מעבעל —
ציפּרעס־בוימער.



# קאַפּיטעל ב.

1 איך בין די נאַרציס־בלום
פון שרון,
די ליליע
פון די טהאָלען.

2 ווי אַ ליליען־בלום
צווישען די דערנער
אַזוי מיין פריינדין איז
צווישען די יונגפרויען. —

3 ווי אַ׳ן עפּעל־בוים
צווישען די וואַלד־בוימער,
אַזוי מיין געליעבטער איז
צווישען די בחורים.
אונטער זיין שאָטען
געלוסט איך צו זיצען,
און זים די פרוכט זיינע
איז פאַר מיין גומען.

4 ער האָט מיך געבראַכט,
אין דאָס וויין־הויז,





און זיין פאָהן איבער מיר,<br>
איז ליעבע געוועזען. —

5 אָ שטאַרקט מיך,<br>
מיט טראַנק־בעכערס,<br>
קוויקט מיך,<br>
מיט עפּעל,<br>
דען איך בין<br>
פון ליעבע פאַרשמאַכט.

6 די לינקע (האַנד) זיינע,<br>
איז אונטער מיין קאָפּ<br>
און זיין רעכטע (האַנד)<br>
נעהמט מיך אַרום.

7 איך באַשווער אייך,<br>
אָ טעכטער פון ירושלים,<br>
ביי די הירשינען,<br>
אָדער ביי<br>
די הינדינען פון פעלד :<br>
ניט וועקען זאָלט איהר,<br>
און ניט אויפריהרען זאָלט איהר,<br>
די ליעבע,<br>
ביז זי וועט געלוסטען (אַליין). —

8 ס׳איז די שטים,
פֿון דעם געליעבטען מיינעם!
אָט קומט ער,
שפּרינגענדיג
איבער די בערג,
הופּענדיג
איבער די בערגלעך.

9 מיין געליעבטער איז גלייך
צו אַ הירש,
אָדער צו
אַ הינד אַ יונגען.
אָט שטעהט ער שוין
הינטער אונזער וואַנד,
קוקט דורך די פֿענסטער,
בליקט דורך די גראַטקעס.

10 גערופֿען האָט
דער געליעבטער מיינער,
און האָט געזאָגט צו מיר:
שטעה אויף מיין פֿריינדין,
מיין שענע,
און קום אַרויס!

11 דען זעה,
דער ווינטער

איז אריבער,
דער רעגען —
פערשוואונדען
(און) פארגאנגען.

12 די בלומען (שוין) ווייזען זיך
אויף דער ערד;
די צייט פונ'ם (פויגעל) ־געזאנג,
איז געקומען ;
דער טורטעל־טויב'ם שטים,
לאָזט הערען זיך
איבער דעם לאנד.

13 דער פייגענבוים דופטיגט,
די יונגע פרוכטען זיינע ;
די בליהענדע וויינשטאָקען,
געבען אַרוים (זייער) דופט.
שטעה אויף, מיין פריינדין,
מיין שענע,
און קום אַרוים.

14 אָ, טויב מיינע !
אין די שפּאַלטען פון פעלז,
אין דער פאַרבערגענים,
פון דער (געבירג־) טרעפּ —

לאָז אָנזעהן מיך,
דעם פּנים דיינעם,
לאָז הערען מיך
די שטימע דיינע.
דען דיין שטימע איז זים
און דיין פּנים איז שען.

15 כאַפּט פאַר אונז,
די פוקסען,
די קליינע פיקסלעך,
וועלכע צושטערען די וויינגערטנער,
דען אונזערע וויינגערטנער
זיינען (אין) בליהונג.

16 מיין געליעבטער געהערט מיר,
און איך געהער איהם —
(איהם) וועלכער וואַנדערט
צווישען די ליליען.

17 ביז דער טאָג
וועט פאַרוועהען,
און די שאָטענס –
זיך יאָגען,
וואַנדער אַרום,

געליעבטער מיינער,
זיי גלייך צו אַ הירש
אָדער צו
אַ הינד אַ יונגען,
אויף די צושפּאָלטענע בערג.



# קאַפּיטעל ג.

1 אויף מיין געלעגער
אין די נעכט,
געזוכט האָב איך
איהם וואָס מיין זעעלע ליעבט;
געזוכט איהם האָב איך
און האָב איהם ניט געפונען.

2 לאָמיך אויפשטעהן
און אומגעהן
איבער דער שטאָדט,
איבער די גאַסען,
איבער די מערק;
זוכען וועל איך
איהם וואָס מיין זעעלע ליעבט.
געזוכט איהם האָב איך,
און האָב איהם ניט געפונען.

3 באַגעגענט מיך האָבען
די וועכטער,
וואָס געהען אַרום
אין דער שטאָדט.

„איהם וואָס מיין זעעלע ליעבט,
„צי האָט איהר געזעהן ?“

4 קוים בין איך נאָר
פון זיי אוועקגעגאנגען,
באלד האָב איך געפונען
איהם וואָס מיין זעעלע ליעבט.
אָנגענומען האָב איך איהם,
און האָב איהם ניט אָפגעלאָזט,
ביז כ׳האָב איהם געבראַכט,
אין הויז פון מיין מוטער,
אין צימער פון דער
וועלכע האָט מיך געבאָרען.

5 איך באַשווער אייך,
אָ, טעכטער פון ירושלים,
ביי די הירשינען,
אָדער ביי
די הינדינען פון פעלד,
ניט וועקען זאָלט איהר
און ניט אויפריהרען זאָלט איהר
די ליעבע,
ביז זי וועט געלוסטען (אליין).

6 ווער איז די,
וועלכע שטייגט

פון דער וויסטע אַרוים,
ווי זיילען פון רויך ?
באַדופטיגט
מיט מירע און ווייהרויך,
מיט איטליכען פודער
פונ׳ם געווירץ־הענדלער ?

7 אָט איז
דאָס בעט פון שלמה,
זעכציג העלדען
זיינען אַרום איהם,
פון די העלדען ישראל׳ס.

8 אַלע זיי זיינען
באַגורט מיט׳ן שווערד,
ערפאַהרען אין קריעג ;
איטליכער מאַן
זיין שווערד אויף זיין לענד,
(א שיצונג) אַקעגען
דעם שרעק פון די נעכט.

9 א הימעל־בעט האָט זיך
געמאַכט קיניג שלמה,
פון לבנון׳ם געהילצען.

10 די זײלען זײנע
געמאַכט האָט ער זילבערנע,
זײן אָנלעהן — פון גאָלד,
זײן פּאָלסטער פון פּורפּור.
אינװעניג איז עס
געפּלאַסטערט מיט ליעבע
פון ירושלים׳ס טעכטער.

11 געהט אַרױס,
און קוקט אָן
איהר טעכטער פון ציון,
דעם קיניג שלמה
אין דער קרױן
װאָס איהם אָנגעקרױנט
זײן מוטער האָט,
אין טאָג פון זײן האָכצײט,
און אין טאָג פון זײן האַרץ־פרײד.



# קאַפּיטעל ד.

1 שען ביזטו,
פריינדין מיינע,
שען ביזטו!
דיינע אויגען
זיינען טויבען,
פון־אונטער דיין שלייער.
דיינע האָאר —
ווי אַ סטאַדע פון ציגען,
וואָס לאָזען אַראָפּ זיך
פון גלעד'ס געבירג.

2 די צייהן דיינע —
ווי אַ סטאַדע,
פון (לעמער) געשאָרענע,
וואָס זיינען
פון וואַש־טייך געקומען,
וואָס צווילינגס
געבערען זיי אַלע,
און קיינע ועלכע פאַרוואַרפט
פאַראַנען איז ניט צווישען זיי.

3 ווי אַ זייד־שנור אַ רויטער
זיינען די ליפּען דיינע,
און דיין רעדען
איז ליעבליך;
ווי אַ שטיק מילגרוים
איז דיין שלייף
פון־אונטער דיין שלייער;

4 דיין האַלז איז
ווי דוד'ס טהורעם
געבויט אין דער הויך.
טויזענד שילדען
הענגען אויף איהם —
אַלע שילדען
פון די קריגסלייט.

5 דיינע צוויי בריסט זיינען,
ווי צוויי יונגע הינדען,
צווילינגס פון אַ הירשין,
וועלכע זיך פּיטערען,
צווישען די ליליען. —

6 ביז דער טאָג,
וועט פאַרוועהען,
און די שאָטענס —

זיך יאָגען,
געהן וועל איך מיר,
צו דעם באַרג פון מירע,
צו דעם בערגעל פון ווייהרויך.

7 דו ביזט אין גאַנצען שען,
פריינדין מיינע,
קיין פעהלער איז
ניט פאַראַנען אין דיר.

8 מיט מיר פון לבנון,
פאַרלאָבטע (מיינע),
מיט מיר פון לבנון
אַראָפּקומען זאָלסטו;
אַראָפּקוקען זאָלסטו,
פון שפּיץ פון אמנה (בארג)
פון שפּיץ פון שניר און חרמון,
פון די לייבען־וואָוהנונגען,
פון די לעמפּערט־געבירג.

9 האָסט ס'הערץ מיך געפאַנגען,
מיין שוועסטער, פערלאָבטע,
האָסט ס'הערץ מיך געפאַנגען,
מיט א י י נ ע ם
פון די בליקען דיינע.

מיט  א י י ן  שנור
פון די האַלז־בענדער דיינע.

10 ווי שען איז דיין ליעבע,
מיין שוועסטער, פערלאָבטע,
ווי זיסער איז
דיין ליעבע פון וויין,
און דער דופט־גערוך
פון די זאַלבען דיינע —
פאַר אַלע געווירצען!

11 זיסקייט טריפען
דיינע ליפען,
פאַרלאָבטע (מיינע),
האָניג און מילך
אונטער דיין צונג זיינען.
און דער דופט
פון די קליידער דיינע,
איז ווי דער דופט
פון דעם לבנון. —

12 אַ גאָרטען פאַרשלאָסען
איז מיין שוועסטער,
(מיין) פאַרלאָבטע —
אַ ברונען פאַרשלאָסען,
אַ קוואַל אַ פאַרזיגעלטער.

13 די שפּראָצונגען דיינע
זיינען אַ גאָרטען
פון מילגרוימען
און טהייערע פרוכטען,
פון ציפּער־בלומען
און נאַרד־געווירצען.

14 נאַרד און זאַפראַן,
געווירץ־שטענגלעך
און צימערינג,
און אַלע ווייהרויך־ביימער,
מירע און אַלאָע־בלאַט,
און אַלע געקליבענע בשמים;

15 אַ גאָרטען־קוואַל
אַ ברונען
פון לעבעדיגען וואַסער,
וואָס פליסט
פון לבנון אַרוים.

16 ערוואַך, אָ צפון ווינד!
און קום, אָ דרום־ווינד!
ווּעה (אויף) מיין גאָרטען,
זאָלען צופליסען

זיינע געווירצען,
זאָל קומען מיין געליעבטער,
אין גאָרטען זיינעם
און עסען זיין טהייערע פרוכט.



# קאַפּיטעל ה.

1 כ'בין אַריינגעקומען
אין גאָרטען מיינעם,
מיין שוועסטער,
(מיין) פאַרלאָבטע.
כ'האָב געקליבען
מיין מירע,
און מיינע געווירצען,
כ'האָב געגעסען
מיין צוקער־ראָהר,
מיט דעם האָניג מיינעם,
כ'האָב געטרונקען
מיין וויין מיט מיין מילך.
עסט קאַמעראַדען,
טרינקט און באַטרינקט זיך,
געליעבטע.

2 איך שלומער
און מיין הערץ איז וואַך.
אַ שטים!
מיין געליעבטער קלאַפּט:
„אָ עפען מיר,

„מיין שוועסטער,
„מיין פריינדין,
„מיין טויב,
„מיין אונשולדיגע,
„דען מיין קאָפּ
„געפילט איז מיט טהוי,
„די לאָקען מיינע —
„מיט טראָפּענס פון נאַכט“. —

3 כ׳האָב אויסגעטהאָן
מיין העמד (שוין),
ווי קען איך עס אָנטהאָן ? —
כ׳האָב געוואַשען
די פיס מיינע,
ווי קען איך באַשמוצען זיי ?

4 דער געליעבטער מיינער
האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד,
דורך דער טהיר־לאָך,
און די אינגעווייד מיינע
געשמאַכט נאָך איהם האָבען.

5 אויפגעשטאַנען בין איך
מיין געליעבטען צו עפ׳נען

און מיינע הענד האָבען
מיט מירע געטריפט,
און (פון) מיינע פינגער
איז מירע געפלאָסען,
איבער די הענדטלעך פון שלאָס.

6 געעפענט האָב איך
מיין געליעבטען,
און מיין געליעבטער געווען איז
אַוועק שטילערהייד. —
מיין זעעל איז פאַרגאַנגען געווען,
ווען ער האָט גערעדט.
געזוכט איהם האָב איך
און כ'האָב איהם ניט געפונען,
גערופען איהם האָב איך
און געענטפערט מיר האָט ער ניט.

7 באַגעגענט מיך האָבען
די וועכטער
וואָס געהען אַרום
אין דער שטאָדט,
געשלאָגען מיך האָבען זיי,
פאַרוואונדעט מיך האָבען זיי,
אַרונטערגענומען
מיין שלייער מיר האָבען
די מויערען־היטער.

8 איך באַשווער איך,
טעכטער פון ירושלים,
ווען איהר וועט געפינען,
דעם געליעבטען מיינעם
ניט זאָגען איהם זאָלט איהר,
אַז איך בין
פון ליעבע פאַרשמאַכט.

9 וואָס איז דיין געליעבטער,
מעהר פון יעדען געליעבטען,
דו שענסטע פון פרויען?
וואָס איז דיין געליעבטער
מעהר פון יעדען געליעבטען,
וואָס דו האָסט
אַזוי אונז באַשוואָרען? —

10 מיין געליעבטער איז
קלאָר און גערויטעלט,
אַ'ן אויסגעצייכענטער
צווישען צעהן טויזענד.

11 זיין קאָפּ איז גינגאָלד,
זיינע קרויזיגע לאָקען —
שוואַרץ ווי דער ראָב;

12 זיינע אויגען —
ווי טויבען
ביי שטראָמען פון וואַסער,
וואָס באָדען אין מילך זיך,
און זיצעןביים קוואַל.

13 זיינע באַקען —
ווי אַ בעעט פון געווירץ,
טורעמס פון בשמים ;
זיינע ליפּען —
ליליען וואָס טריפען,
מיט פליסענדער מירע.

14 די הענד זיינע —
וואַלצען פון גינגאָלד,
באַזעצט מיט טאָפּאַזען ;
דער לייב זיינער —
אַ שניצווערק פון עלפען־ביין,
אַרום מיט סאַפּירען געפּאַסט.

15 זיינע היפטען —
זיילען פון מירמעל,
באַפעסטיגט
אויף שוועלען פון גינגאָלד.
זיין אויסזעהן איז

ווי דער לבנון,
אויסערוועהלט איז ער
ווי צעדערען־בוימער.

16 זיין גומען
איז זיסקייט,
און ער אין גאַנצען —
ליעבליכקייט.

אָט דאָס איז מיין געליעבטער,
און דאָס איז מיין פריינד,
טעכטער פון ירושלים!



# קאַפּיטעל ו.

1 וואוהין איז געגאַנגען
דער געליעבטער דיינער,
דו שענסטע פון פרויען?
וואוהין האָט געווענדט זיך
דער געליעבטער דיינער?
און זוכען איהם וועלען מיר,
(צוזאַמען) מיט דיר?

2 מיין געליעבטער האָט
אין זיין גאָרטען גענידערט,
צו די געווירץ־בעעטען —
צו וואַנדערן
אין די גערטנער,
און אויפקלייבען
ליליען.

3 איך געהער מיין געליעבטען,
און צו מיר — מיין געליעבטער,
ער, וועלכער וואַנדערט
צווישען די ליליען.

4 שען ביזטו,
געליעבטע מיינע,
ווי תרצה ;
ליעבליך,
ווי ירושלים.
שרעקליך,
ווי די באַפּאָהנטע (אַרמייען).

5 קעהר אַוועק פון מיר
די אויגען דיינע,
דען זיי האָבען
באַוועלטיגט מיך.
די האָאר דיינע זיינען,
ווי אַ סטאַדע פון ציגען,
וואָס לאָזען אַראָפּ זיך
פון גלעד.

6 דיינע צייהנער —
ווי אַ סטאַדע פון שעפסען
וואָס זיינען
פון וואַש־טייך געקומען,
וואָס צווילינגם
געבערען זיי אַלע
און קיינע וועלכע פאַרוואַרפט
פאַראַנען איז ניט צווישען זיי.

7 ווי אַ שטיק מילגרוים
איז דיין שלייף
פון אונטער דיין שלייער.

8 זעכציג זיינען זיי
די קיניגינען,
און אַכציג —
די קעפּסווייבער,
און מיידלעך —
אָהן אַ צאָהל.

9 איינע (אָבער)
איז מיין טויב,
מיין אונשולדיגע,
איינע ביי איהר מוטער,
זי איז דער ליעבלינג
פון דער וועלכע האָט זי געבאָרען.
געזעהן זי האָבען
די יונגפרויען,
און האָבען זי
גליקליך געשעצט;
קיניגינען און קעפּסווייבער —
און האָבען געריהמט זי.

10 ווער איז די וועלכע קוקט,
ווי דער מאָרגען אַרוים?

שען ווי די לבנה,
לויטער ווי די זונן,
שרעקליך ווי די באַפּאָהנטע (אַרמייען)?

11 צום נוס־גאָרטען
האָב איך גענידערט,
צו באַקוקען
די גרינסען פון טהאָל,
צו זעהן
אויב געבליהט האָט
דער וויינשטאָק,
אויב קנאָספּען אַרויסגעלאָזט
האָבען די מילגרוימען.

12 איך ווייס ניט (ווי) —
מיין זעעל האָט געבראַכט מיך,
צווישען די רייט־וועגען
פון מיין פירסטליכען פאָלק.



# קאַפּיטעל ז.

1 קום צוריק, קום צוריק
אָ, שולמית!
קום צוריק, קום צוריק
און מיר וועלען דיך אָנקוקען! —

„וואָס קוקט איהר אויף שולמית
„אַזוי ווי אויף אַ כאָר־טאַנץ?"

2 ווי שען זיינען
די טריט דיינע
אין די סאַנדאַלען,
אָ, פירסטליכע טאָכטער!
די רונדקייטען
פון דיינע היפטען
זיינען ווי שמוק־ווערק —
די אַרבייט
פון קינסטלערישע הענד.

3 דיין נאָפּעל איז
אַ בעכער אַ רונדער —
עס פעהלט ניט
דער ווירציגער טראַנק;

דיין בויך איז
אַ הויפען פון ווייץ,
אין ליליען געראַהמט.

4 דיינע צוויי בריסט זיינען,
ווי צוויי יונגע הינדען,
צווילינגם פון אַ הירשין.

5 דיין האַלז איז אזוי ווי
אַן עלפענביין־טהורעם;
די אויגען דיינע —
ווי די בעכען אין חשבון,
ביי די טהויערען
פון בת־רבים;
דיין נאָז —
ווי דער טהורעם
אויף דעם לבנון,
וואָס קוקט
אויף דמשק אַרונטער.

6 דיין קאָפּ אויף דיר
איז ווי דער כרמל,
און דאָס געפלעכט פון דיין קאָפּ
ווי דער פּורפּור —
דער קיניג איז
אין די לאָקען פאַרקניפּט.

7 ווי שען ביזטו
און ווי זים ביזטו,
אַ ליעבע,
מיט די פריידען (דיינע) !

8 אָט דער געוואוקס דיינער
איז גלייך צו אַ פּאַלמענבוים,
און די בריסט דיינע —
צו בינטלעך פון טרויבען.

9 איך האָב געטראַכט:
אַרויפשטייגען וועל איך
צום פּאַלמענבוים,
אָננעהמען וועל איך
די צווייגען זיינע,
און ס'זאָלען די בריסט דיינע
ווי בינטלעך פון וויינשטאָק זיין.
און דער דופט פון דיין נאָז
ווי עפּעל־גערוך;

10 און דיין גומען אזוי ווי
דער טהייערער וויין. —
ער (דער וויין) פליסט גלייך
צום געליעבטען מיינעם,

ער פליסט אויף די ליפּען
פון די וועלכע שלומערען.

11 איך געהער
צום געליעבטען מיינעם,
און זיין באַגעהר
איז צו מיר.

12 קום, געליעבטער מיינער,
מיר וועלען ארויסגעהן אין פעלד,
נעכטיגען וועלען מיר
צווישען די ציפּער־בלומען!

13 מיר וועלען באַגינען
אַוועג אין די ווייגגערטנער,
זעהן אויב געבליהט
דער וויינשטאָק האָט,
אויב אויפגעמאַכט האָט
די בליהונג זיך,
אויב קנאָספּען אַרויסגעלאָזט
האָבען די מילגרוימען.
דאָרט וועל איך שענקען
מיין ליעבע צו דיר.

14 די ליבעס־עפּעל (מאנדראגאָרא)
לאָזען דופט אַרויס,
און נעבען די טהירען אונזערע —

אלערליי טהייערע פּרוכטען,
פרישע און אַלטע.
געליעבטער! איך האָב (זיי)
באַהאַלטען פאַר דיך.



# קאַפּיטעל ה.

1 אַ װען אימיצער װאָלט דיך
גענמאַכט פאַר אַ ברודער צו מיר,
װאָס האָט די בריסט
פון מיין מוטער געזויגען.
איך װאָלט אין גאַס
באַגעגענט דיך,
איך װאָלט דיך געקוסט
און פאַראַכטען מיך װאָלט מען ניט!

2 איך װאָלט דיך געפיהרט,
איך װאָלט דיך געבראַכט
צום הויז פון מיין מוטער
װעלכע מיך לערנט;
געגעבען דיר טרינקען
פון װיין געקאָכטען,
פון מילגרוימען־זאַפט.

3 זיין לינקע (האַנד) איז
אונטער מיין קאָפּ
און זיין רעכטע (האַנד)
נעהמט מיך אַרום.

4 איך באַשווער איך,
טעכטער פון ירושלים,
ניט וועקען זאָלט איהר
און ניט אויפריהרען זאָלט איהר
די ליבע,
ביז זי וועט געלוסטען (אַליין).

5 ווער איז די, וועלכע קומט
פון דער וויסטע ארויס,
זיך לעהנענדיג
אויף איהר געליעבטען? —

אונטער דעם עפּעל־בוים
האָב איך דיך אויפגעוועקט,
דאָרט האָט געהאַט דיך
דיין מוטער,
דאָרט האָט די וועהען געהאַט,
די, וועלכע האָט דיך געבאָרען.

6 דריק מיך אַרויף ווי אַ זיגעל,
אויף דעם הערצען דיינעם,
ווי אַ זיגעל —
אויף דעם אָרעם דיינעם,
דען מעכטיג ווי טויט
איז די ליבע,
גרויזאַם ווי גיהנום

די אייפערזוכט איז.
איהרע פונקען זיינען
פונקען פון פייער
אַ פלאַמע פון גאָט.

7 וואַסערען גרויסע
קענען די ליבע ניט לעשען,
און טייכען ניט וועלען
אַוועגשווענקען זי.
ווען געבען אַ מאַן זאָל
דאָס גאַנצע פערמעגען
פון זיין הויז
פאַר ליבע —
פאַראַכטען איהם וואָלט מען.

8 אַ קליינע שוועסטער
איז דאָ ביי אונז,
און קיין בריסט (נאָך)
האָט זי ניט.
וואָס זאָלען מיר
מיט אונזער שוועסטער טהאָן,
ווען שדכ׳ען זיך
וועט מען אַרום איהר?

9 וואָלט זי אַ מויער געווען,
וואָלטען געבויט מיר

א פּאַלאַץ פון זילבער אויף איהר,
און וואָלט זי אַ טויער געווען,
באַפעסטיגט וואָלטען מיר
א טאָוועל פון צעדער אויף איהר. —

10 „איך בין אַ מויער־וואַנד
און מיינע בריסט —
ווי די טורעמס.
דרום בין איך געווען
אין די אויגען זיינע
ווי אַ קוואַל פון גליק.“

11 אַ וויינגאָרטען איז ביי שלמה׳ן
געווען אין בעל־המון.
אָפּגעגעבען האָט ער
דעם וויינגאָרטען צו וועכטער,
איטליכער מאַן
ברינגט פאַר זיין פרוכט
אַ טויזענד זילבער־שטיק.

12 דער וויינגאָרטען מיינער
איז פאַר (אַנטקעגען) מיר.
דיר, שלמה,
די טויזענד,
און צוויי הונדערט פאַר די,
וועלכע היטען זיין פרוכט.

13 אַ, דו וועלכע וואוהנסט
אין די גערטנער!
עס האָרכען די פריינד
אויף דיין שטים —
אַ לאָז (זי) מיך הערען!

14 אַנטלויף דיר,
געליעבטער מיינער!
און זיי גלייך
צו אַ הירש,
אָדער צו
אַ הינד אַ יונגען,
אויף די געווירציגע בערג.



# רות

קאפיטעל א.

1 און עס איז געוועזען אין די טעג ווען עס האָבען געריכ־
טעט די ריכטער: און עס איז געוואָרען אַ הונגער
אין לאַנד, און אַוועקגעגאַנגען איז א מאַן פון בית
לחם אין יהודה, צו וואוהנען אין די פעלדער פון
מואב, ער און זיין ווייב און די צוויי זיהן זיינע.
2 און דער נאָמען פון דעם מאַן איז געווען אלימלך און
דער נאָמען פון זיין ווייב — נעמי, און דער נאָמען
פון די ביידע זיהן זיינע — מחלון און כליון; (אַלע)
פון אפרת, פון בית לחם אין יהודה. און זיי זיינען
געקומען אין די פעלדער פון מואב און זיינען דאָרט
פאַרבליבען.
3 און געשטאָרבען איז אלימלך דער מאַן פון נעמי און
איבערגעבליבען איז זי און די צוויי זיהן איהרע.
4 און זיי האָבען גענומען פאַר זיך ווייבער פון מואב;
דער נאָמען פון איינע איז געווען ערפה און דער
נאָמען פון דער צווייטער — רות. און זיי האָבען
דאָרט געוואוהנט אַרום צעהן יאָהר.
5 און געשטאָרבען זיינען אויך זיי ביידע — מחלון און

כליון. און איבערגעבליבען איז די פרוי אָהן איהרע
קינדער און אָהן איהר מאַן.

6 און אויפגעהויבען זיך האָט זי און איהרע שניר, און זי
האָט זיך צוריקגעקעהרט פון די פעלדער פוז מואב,
דען זי האָט געהערט אין דעם פעלד פון מואב אַז
גאָט האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פאָלק, זיי צו שענקען
ברויט.

7 און זי איז אַוועקגעגאַנגען פון דעם אָרט וואו זי איז
געוועזען, און דיביידע שניר איהרע מיט איהר. און
זיי זיינען געגאַנגען אין וועג אום זיך צוריקצוקעהרען
צו דעם לאַנד יהודה.

8 און געזאָגט האָט נעמי צו איהרע צוויי שניר: געהט,
קעהרט זיך אום, איטליכע צו דעם הויז פון איהר
מוטער. זאָל גאָט אייך טהאָן גוטס אַזוי ווי איהר
האָט געטהאָן מיט די געשטאָרבענע און מיט מיר.

9 גאָט זאָל אייך געבען און איהר זאָלט געפינען אַ'ן
אָפּרוה, איטליכע אין דעם הויז פון איהר מאַן. און
זי האָט זיי געקוסט און זיי האָבען אויפגעהויבען
זייער שטים און האָבען געוויינט.

10 און זיי האָבען געזאָגט צו איהר: בלויז מיט דיר
(צוזאַמען) וועלען מיר זיך אומקעהרען, צו דיין פאָלק.

11 און געזאָגט האָט נעמי: קעהרט זיך אום, טעכטער
מיינע, צו וואָס זאָלט איהר געהן מיט מיר? זיינען

דען נאָך דאָ זיהן אין מיין לייב, און זיי זאָלען זיין
מאַנען פאַר אייך ?
12 קעהרט זיך אום, טעכטער מיינע, דען איך בין צו
אַלט צו געהערען אַ מאַן. און ווען איך זאָל שוין
זאָגען, עס איז פאַר מיר דאָ אַ האָפענונג, און איך
זאָל נאָך היינטיגע נאַכט געהערען צו אַ מאַן, און
זאָל אויך געבערען זיהן —
13 וועט איהר אויף זיי וואַרטען ביז זיי וועלען גרויס
ווערען ? וועט איהר צוליעב זיי איינזאַם בלייבען אום
ניט צו געהערען צו אַ מאַן ? ניין, טעכטער מיינע ;
דען מיר איז פיעל ביטערער פון אייך, דען אויף מיר
איז אויסגעגאַנגען די האַנד פון גאָט.
14 און זיי האָבען אויפגעהויבען זייער שטים און זיי
האָבען געוויינט. און ערפה האָט געקוסט איהר
שוויגער, אָבער רות האָט געקלעפּט צו איהר.
15 און זי האָט געזאָגט : אָט האָט זיך אומגעקעהרט דיין
שוועגערין צו איהר פאָלק און צו איהרע געטער.
קעהר זיך (אויך) אום, נאָך דיין שוועגערין.
16 און רות האָט געזאָגט : ניט בעט מיך איך זאָל דיך
פאַרלאָזען אום אַוועקצוגעהן פון דיר, דען וואוהין
דו וועסט געהן וועל איך געהן, און וואו דו וועסט
זיך אויפהאַלטען וועל איך זיך אויפהאַלטען, דיין
פאָלק איז מיין פאָלק, און דיין גאָט איז מיין גאָט.
17 וואו דו וועסט שטאַרבען וועל איך שטאַרבען, און

דאָרט וועל איך באַגראָבען ווערען. גאָט זאָל מיר פאַרגעלטען אַזוי און נאָך מעהר, ווי בלויז דער טויט וועט פאַנאַנדערשיידען צווישען מיר און צווישען דיר!

18 און זי האָט געזעהן אַז זי רייסט זיך צו געהן מיט איהר, און זי האָט אויפגעהערט צו ריידען צו איהר.

19 און זיי זיינען געגאַנגען ביידע ביז זיי זיינען אָנגעקו־מען אין בית לחם. און עס איז געשעהן ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין בית לחם, אַז די גאַנצע שטאָדט האָט אויפגעטומעלט מיט זיי. און זיי האָבען גע־זאָגט: איז דאָס נעמי?

20 און זי האָט געזאָגט צו זיי: ניט רופט מיך נעמי (ליעבליכע), רופט מיך מרה (ביטערע), דען דער אַל־מעכטיגער האָט מיר זעהר פאַרביטערט.

21 איך בין מיט פולען אַוועקגעגאַנגען און מיט לעדיגען האָט מיך גאָט צוריקגעקעהרט, צו וואָס זאָלט איהר מיך רופען נעמי, ווען גאָט האָט מיך געשטראָפט, און דער אַלמעכטיגער האָט מיך פאַראונגליקט?

22 און (אַזוי) האָט זיך אומגעקעהרט נעמי, און מיט איהר איהר שנור רות די מואב'ערין, וועלכע האָט זיך צוריק־געקעהרט פון די פעלדער פון מואב. און זיי זיינען אָנגעקומען אין בית לחם אין אָנהויב פון שניט־צייט פון גערשטען.

קאפיטעל ב.

1 און נעמי האָט געהאַט איהר מאַן'ס אַ קרוב אַ העלדי־
שען פיהרער פון אלימלך'ס פאַמיליע און זיין נאָמען
איז געווען בעז.

2 און געזאָגט האָט רות די מואב'ערין צו נעמי'ן: איך
וועל אקאָרשט געהן אין פעלד און איך וועל קלייבען
זאַנגען הינטער עמיצען (פון די שניטערס), וואָס איך
וועל געפינען לייטזעליגקייט אין זיינע אויגען. און
זי האָט געזאָגט צו איהר: געה, טאָכטער מיינע.

3 און זי איז געגאַנגען און זי איז געקומען (אהין) און זי
האָט געקליבען אין פעלד, הינטער די שניטערס. און
געפאַלען איז איהר צופאַל אויף דעם פעלד־טהייל
וואָס איז געוועזען בעז'ס, פון אלימלך'ס פאַמיליע.

4 און מיט אַמאָל איז בעז אָנגעקומען פון בית לחם און ער
האָט געזאָגט צו די שניטערס: גאָט מיט אייך! און
זיי האָבען געזאָגט צו איהם: בענשען זאָל דיך גאָט!

5 און בעז האָט געזאָגט צו זיין יונג, וואָס איז געווען
געשטעלט איבער די שניטערס: וועמען געהערט
דאָס דאָזיגע מיידעל?

6 און געענטפערט האָט דער יונג, וואָס איז געווען
געשטעלט איבער די שניטערס, און ער האָט געזאָגט:
א מואב'ער מיידעל איז זי, די וואָס האָט זיך צוריק־
געקעהרט מיט נעמי'ן פון די פעלדער פון מואב.

7 און זי האָט געזאָגט: איך וועל אקאָרשט געהן אין

פעלד זאַמלען צווישען די גאַרבען, הינטער די שניטערס. און זי איז געקומען און זי איז געבליבען פון זינט פריהמאָרגען ביז איצטער; דאָס אויפ־האַלטען זיך איהרס אין הויז איז געווען (בלויז) וועניג.

8 און בעז האָט געזאָגט צו רות'ן: דו האָסט דאָך צו־געהערט, מיין טאָכטער; געה ניט קלייבען אין אַ'ן אַנדער פעלד, און זאָלסט אויך ניט אוועגגעהן פון דאַנען, און אַזוי זאָלסט דו זיך האַלטען מיט מיינע (פעלד)־מיידלעך.

9 דיינע אויגען (זאָלען זיין) אויף דעם פעלד וואָס זיי שניידען, און דו זאָלסט געהן הינטער זיי. אָט האָב איך באַפויהלען די יונגען דיך ניט אָנצוריהרען. און ווען דו ווערסט זיין דורשטיג זאָלסטו געהן צו די געפעסען און דו זאָלסט טרינקען פון וואַנען עס שעפען די יונגען.

10 און זי איז געפאַלען אויף איהר געזיכט און זי האָט זיך געבוקט צו דער ערד, און זי האָט געזאָגט צו איהם: פאַרוואָס האָב איך געפונען לייטזעליגקייט אין דיינע אויגען וואָס דו האָסט זיך געלאָזט באַקענען צו מיר? און איך בין דאָך אַ פרעמדע.

11 און געענטפערט האָט בעז און האָט געזאָגט צו איהר: דערצעהלט איז מיר געוואָרען אַלץ וואָס דו האָסט געטהאָן מיט דיין שוויגער נאָך דעם טויט פון דיין

מאַן, אַז דו האָסט פאַרלאָזען דיין פאַטער און דיין מוטער און דיין געבורטסלאַנד און דו ביסט געגאַנגען צו אַ פאָלק וואָס דו האָסט ניט געקענט נעכטען־אייערנעכטען.

12 באַצאָהלען זאָל גאָט דיין טהאַט, און זאָל דיין לויהן זיין פאַר־פול פון דעם גאָט דעם האַרר פון ישראל, וואָס דו ביסט געקומען זיך צו שיצען אונטער זיינע פליגלען.

13 און זי האָט געזאָגט: איך האָב געפונען לייטזעליג־קייט אין דיינע אויגען, מיין האַרר, דען דו האָסט מיך געטרייסט און דו האָסט גערעדט צו דעם האַרצען פון דיין דיענסט, און איך בין (דאָך צומאָל) ניט ווי איינע פון דיינע דיענסטען.

14 און געזאָגט האָט צו איהר בעז: אין דער צייט פון עסען קום צוגעהן אַהער און עסס פון דעם ברויט, און טונק איין דיין שטיק אין עסיג. און זי האָט זיך געזעצט ביי דער זייט פון די שניטערס און ער האָט איהר דערלאַנגט געבאַקטע זאַנגען און זי האָט געגעסען און זי האָט זיך געזעטיגט און האָט נאָך איבערגעלאָזען.

15 און זי איז אויפגעשטאַנען צו קלייבען, און באַפויהלען האָט בעז זיינע יונגען, אַזוי צו זאָגען: אויך צווישען די גאַרבען זאָל זי קלייבען און איהר זאָלט זי ניט פאַרשעמען.

16 איהר זאָלט אויך אראָפּנעהמען פון איהר'ט־וועגען פון די בינטלעך און איהר זאָלט איבערלאָזען און זי זאָל אויפקלייבען, און איהר זאָלט ניט אָנשרייען אויף איהר.

17 און זי האָט געקליבען אין פעלד ביז'ן אבענד, און זי האָט אויסגעקלאַפּט דאָס וואָס זי האָט אָנגעקליבען, און עס איז געווען אַרום אַן איפה (מאָס) גערשטען.

18 און זי האָט עס אויפגעטראָגען, און איז געקומען אין די שטאָדט. און דערזעהן האָט איהר שוויגער וואָס זי האָט אָנגעקליבען. און זי האָט אויך אַרויסגענומען און איהר געגעבען וואָס זי האָט איבערגעלאָזען נאָך איהר זאַט ווערען.

19 און געזאָגט האָט צו איהר איהר שוויגער: וואו האָסטו געקליעבען היינט, און וואו האָסטו געזאַמעלט? זאָל דער וועלכער האָט זיך געלאָזט באַקענען צו דיר, זיין געבענשט! און זי האָט דערצעהלט איהר שוויגער ביי וועמען זי האָט געזאַמעלט, און זי האָט געזאָגט: דער נאָמען פון דעם מאַן וואָס איך האָב געזאַמעלט ביי איהם היינט איז בעז.

20 און געזאָגט האָט נעמי צו איהר שנור: געבענשט זאָל ער זיין ביי גאָט, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט זיין גענאָד מיט די לעבעדיגע אַזוי ווי מיט די טויטע. און געזאָגט האָט צו איהר נעמי. נאָהענט איז אונז דער מאַן, פון אונזערע בלוט־פרוואַנדטע איז ער.

21 און געזאָגט האָט רות די מואב'ערין: ער האָט טאַקי
אויך געזאָגט: נעבען מיינע יונגען זאָלסטו זיך האַל־
טען, ביז וואַנען זיי וועלען האָבען געענדיגט מיין
גאַנצען שניט.

22 און געזאָגט האָט נעמי צו רות איהר שנור: עס איז
גוט, טאָכטער מיינע, אַז דו זאָלסט געהן מיט זיינע
(פעלד)־מיידלעך, און מען זאָל דיך ניט אָנטרעפען
אין אַ'ן אַנדער פעלד.

23 און זי האָט זיך געהאַלטען צווישען די (פעלד)־
מיידלעך פון בעז אום צו קלייבען, ביז דאָס ענדיגען
זיך פון דעם שניט פון די גערשטען, און פון דעם
שניט פון די ווייץ. און געוואוהנט האָט זי מיט איהר
שוויגער.

קאַפּיטעל ג.

1 און געזאָגט צו איהר האָט נעמי, איהר שוויגער:
טאָכטער מיינע, איך מוז דאָך אויסזוכען דיר אַ'ן
אָפּרוה וואָס זאָל זיין גוט פאַר דיר.

2 און אַצונד, איז ניט בעז אונזער פערוואַנדטער, דער
וואָס דו ביסט געווען מיט זיינע (פעלד)־מיידלעך?
אָט שופעלט ער (די תבואה) אין דעם שייער פון די
גערשטען היינט ביי נאַכט.

3 און דו זאָלסט זיך אַרומוואַשען, און זאָלסט זיך באַזאַל־
בען, און דו זאָלסט אָנטהאָן אויף זיך דיינע קליידער
און זאָלסט אַרונטערגעהן צו דעם שייער. זאָלסט זיך

ניט לאָזען באַמערקען פון דעם מאַן ביז ער וועט האָבען געענדיגט צו עסען און צו טרינקען.

4 און עס זאָל געשעהן, ווען ער וועט זיך לעגען, דאַן זאָלסטו זיך מערקען דעם אָרט וואו ער האָט זיך געלעגט, און דו זאָלסט געהן, און דו זאָלסט אָפדעקען זיין צו־פיסען און דו זאָלסט זיך אַוועגלעגען. און ער וועט דיר (שוין) זאָגען וואָס דו זאָלסט טהאָן.

5 און זי האָט געזאָגט צו איהר: אַלץ וואָס דו זאָגסט וועל איך טהאָן.

6 און זי איז אַרונטערגעגאַנגען צו דעם שייער, און זי האָט געטהאָן אַלץ ווי איהר שוויגער האָט איהר באַפויהלען.

7 און בעז האָט אָפגעגעסען און האָט אָפגעטרונקען און זיין האַרץ איז געווען פרעהליך, און ער איז געגאַנגען זיך לעגען אין אַ ווינקעל פון דעם תבואה־הויפען. און זי איז געקומען שטילערהייד און האָט אָפגעדעקט זיין צופיסען און האָט זיך אַוועקגעלעגט.

8 און עס איז געווען אין האַלבע נאַכט, האָט זיך דער מאַן דערשראָקען און ער האָט זיך אומגעדרעהט און מיט אמאָל אַ פרוי ליעגט איהם צופוסען.

9 און ער האָט געזאָגט: ווער ביסט דו? און זי האָט געזאָגט: איך בין רות דיין דיענסט, און דו זאָלסט פאַרשפרייטען דיינע פליגלען איבער דיין דיענסט דען דו ביסט אַ בלוט־פערוואַנדטער.

10 און ער האָט געזאָגט: געבענטשט זאָלסטו זיין פאַר גאָט, מיין טאָכטער! דו האָסט אַרויסגעוויזען דיין לעצטע עדעלקייט נאָך בעסער ווי די ערשטע, מיט דעם וואָס דו ביסט ניט נאָכגעגאַנגען נאָך די בחורים צי אָרעם צי רייך.

11 און אַצונד, מיין טאָכטער, זאָלסטו ניט מורא האָבען; אַלץ וואָס דו וועסט זאָגען וועל איך דיר טהאָן. דען עס ווייס דער גאַנצער טויער (די באַפעלקערונג) פון מיין פאָלק אַז דו ביסט אַ העלדישע פרוי.

12 און אַצונד, הגם יא טאַקי, איך בין אַ בלוט־פאַרוואַנדטער, אבער עס איז דאָ אַ בלוט־פאַרוואַנדטער נעהנטער פאַר מיר.

13 נעכטיג איבער די נאַכט, און עס וועט זיין אין פריה־מאָרגען, אויב ער וועט דיך צונעהמען — גוט, זאָל ער צונעהמען, און אויב ער וועט ניט וועלען דיך צונעהמען, דאַן וועל איך דיך צונעהמען, אַזוי ווי גאָט לעבט! בלייב ליעגען ביז'ן פריהמאָרגען.

14 און זי איז געלעגען ביי זיין צופוסען ביז'ן פריה־מאָרגען, און זי איז אויפגעשטאַנען איידער איין מענש קען דערקענען אַ צווייטען. דען ער האָט געזאָגט: עס זאָל ניט באַוואוסט ווערען אַז די פרוי איז געקומען אין שייער.

15 און ער האָט געזאָגט: גיעב מיר דיין אויבער־טוך וואָס אויף דיר, און האַלט עס צו. און זי האָט עס צו־

געהאַלטען און ער האָט אַריינגעמאָסטען זעקס (מעסטלעך) גערשטען, און ער האָט עס איהר אַרויפ־געלעגט. און ער איז אַוועגגעגאַנגען אין שטאדט.

16 און זי איז געקומען צו איהר שוויעגער, און זי האָט געזאָגט: ווי איז עס מיט דיר, טאָכטער מיינע? און זי האָט איהר דערצעהלט אַלץ וואָס דער מאַן האָט איהר געטהאָן.

17 און זי האָט געזאָגט: די דאָזיגע זעקס (מעסטלעך) גערשטען האָט ער מיר געגעבען, דען ער האָט געזאָגט: דו זאָלסט ניט קומען מיט לעדיגען צו דיין שוויעגער.

18 און זי האָט געזאָגט: זיין (דאָ), טאָכטער מיינע, ביז דו וועסט וויסען ווי די זאַך וועט אויספאַלען, דען ניט רוהען וועט דער מאַן ביז ער וועט האָבען געענדיגט די זאַך היינט.

קאַפּיטעל ד.

1 און בעז איז אַרויפגעגאַנגען צו דעם טויער (פון שטאדט), און ער האָט זיך דאָרט אוועגגעזעצט, און מיט אַמאָל געהט פאַרביי דער בלוט־פאַרוואַנדטער, פון וועלכען בעז האָט גערעדט. און ער האָט געזאָגט: קום אַהער, זעץ זיך דאָ, דער און דער! און ער איז צוגעקומען און האָט זיך געזעצט.

2 און ער האָט גענומען צעהן מענער פון די עלטסטע פון

דער שטאָדט, און ער האָט געזאָגט: זעצט זיך דאָ.
און זיי האָבען זיך געזעצט.

3 און ער האָט געזאָגט צו דעם בלוט־פערוואַנדטען: דער
פעלד־טהייל וואָס האָט געהערט צו אונזער ברודער,
צו אלימלך, האָט פאַרקויפט נעמי, וועלכע האָט זיך
צוריקגעקעהרט פון דעם פעלד פון מואב.

4 און איך האָב געקלערט: איך וועל אַנטפּלעקען דיין
אויער אַזוי צו זאָגען: קויף עס אָפּ פאַר די (אויגען פון
די) וועלכע זיצען דאָ און פאַר די עלטסטע פון מיין
פאָלק. אויב דו ווילסט אויסלייזען, לייז אוים; און
אויב דו וועסט ניט אויסלייזען, זאָג מיר אום איך
זאָל וויסען, דען עס איז ניטאָ אויסער דיר (קיינער)
אויסצולייזען, און איך בין נאָך דיר. און ער האָט
געזאָגט: איך וועל אויסלייזען.

5 און געזאָגט האָט בעז: אין דעם טאָג ווען דו קויפסט
דאָס פעלד פון נעמי׳ס האַנד און פון רות די
מואב׳ערין דעם געשטאָרבענעם׳ס ווייב — קויפסטו
עס אום (ווידער) אויפצושטעלען דעם נאָמען פון דעם
געשטאָרבענעם אויף זיין נחלה (אייגענטהום).

6 און געזאָגט האָט דער פערוואַנדטער: איך פאַר מיר קען
עס ניט אויסלייזען, אום איך זאָל ניט שאדען מיין
אייגענע נחלה. לייז דו אוים פאַר זיך, דאָס וואָס איך
האָב געזאָלט אויסלייזען; דען איך קען (עס) ניט
אויסלייזען.

7 און דאָס איז געווענען פאַרצייטען (דער איינפיהר) צווישען אידען — ביי אַ'ן אויסלייזונג אָדער ביי אַ'ן אויסבייטונג: אום צו באַפעסטיגען עפּעס אַ'ן אָפּרייד, פלעגט א י י ן מאַן אַרונטערציהען זיין שוך און געבען דעם אַנדערען. און דאָס איז געווען דאָס געזעץ ביי אידען.

8 און געזאָגט האָט דער פאַרוואַנדטער צו בעז'ן: קויף עס פאַר זיך. און ער האָט אַרונטערגעצויגען זיין שוך.

9 און בעז האָט געזאָגט צו די עלטסטע און צו דעם גאַנצען פאָלק: עדות זיינט איהר היינט אַז איך האָב אָפּגעקויפט אַלץ וואָס האָט געהערט צו אלימלך און אַלץ וואָס האָט געהערט צו כליון און מחלון, פון נעמי'ס האַנד.

10 און אויך רות די מואב'ערין, דאָס ווייב פון מחלון האָב איך זיך איינגעקויפט פאַר אַ ווייב, אום (ווידער־) אויפצושטעלען דעם נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם אויף זיין נחלה, און עס זאָל ניט פאַרשניטען ווערען דער נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם פון צווישען זיינע ברידער, און פון דעם טהויער (באַפעלקערונג) פון זיין וואוהן־אָרט. עדות זיינט איהר היינט!

11 און געזאָגט האָבען דאָס גאַנצע פאָלק וואָס ביי'ן טהויער און די עלטסטע: עדות! גאָט זאָל מאַכען די פרוי, וועלכע קומט אַריין אין דיין הויז, אַזוי ווי

רחל און לאה, וועלכע האָבען ביידע אויפגעבויט דאָס
הויז פון ישראל; און טהו אויף העלדישקייטען אין
אפרת און קריג אַ באַרופענעם נאָמען אין בית לחם.
12 און דיין הויז זאָל זיין, ווי דאָס הויז פון פּרץ וואָס
תמר האָט געבאָרען צו יהודה'ן; דורך דעם זאָמען
וועלכען גאָט וועט דיר שענקען פון דער דאָזיגער
יונגער פרוי.
13 און בעז האָט גענומען רות'ן און זי איז געוואָרען אַ
ווייב צו איהם, און ער איז געקומען צו איהר, און
גאָט האָט איהר געגעבען שוואַנגערשאַפט, און זי
האָט געבאָרען אַ זוהן.
14 און די ווייבער האָבען געזאָגט צו נעמי'ן: געבענשט
איז גאָט וועלכער האָט דיך ניט געלאָזען אָהן אַ בלוט־
פאַרוואַנדטען היינטיגען טאָג, און באַרופען זאָל
ווערען זיין (דעם קינד'ס) נאָמען אין ישראל.
15 און ער זאָל דיר זיין פאַר אַ קוויקונג פון דער זעעל
און צו באַזאָרגען דיין עלטער, דען איהם געבאָרען
האָט דיין שנור, וועלכע האָט דיך ליעב, וועלכע איז
(געוועזן) בעסער צו דיר ווי זיבען זיהן.
16 און נעמי האָט גענומען דאָס קינד און זי האָט איהם
געלעגט אין איהר שויס, און זי איז געוואָרען אַ'ן ער־
ציהערין פאַר איהם.
17 און די שכנ'טעס האָבען איהם אָנגערופען אַ נאָמען.
(און זיי פלעגען) זאָגען: אַ זוהן איז געבאָרען

געוואָרען צו נעמי'ן. און זיי האָבען אנגערופען זיין
נאָמען: עובד. דאָס איז (געוועזן) דער פאטער פון
ישי, דעם פאטער פון דוד.

18 און דאָס זיינען געוועזן די געבורטען פון פרץ: פרץ
האָט געבאָרען חצרון'ען.

19 און חצרון האָט געבאָרען רם'ען, און רם האָט געבאָרען
עמינדב'ן.

20 און עמינדב האָט געבאָרען נחשון'ען און נחשון האָט
געבאָרען שלמון'ן.

21 און שלמון האָט געבאָרען בעז'ן, און בעז האָט געבאָ־
רען עובד'ן.

22 און עובד האָט געבאָרען ישי'ן, און ישי האָט געבאָרען
דוד'ן.

# קהלת

קאפיטעל א.

1 די ווערטער פון קהלת דער זוהן פון דוד קיניג אין
ירושלים: —
2 נאַרישקייט פון נאַרישקייטען — זאָגט קהלת — נאַריש־
קייט פון נאַרישקייטען; אַלץ איז נאַרישקייט!
3 וואָס פאַר אַ נוץ איז דעם מענשען אין זיין גאַנצער
מאַטערנים, וואָס ער מאַטערט זיך אונטער דער זונן?
4 אַ דור פאַרגעהט און אַ דור קומט אָן, און די ערד באַ־
שטעהט אייביג.
5 און עס שיינט (ארויס) די זונן, און עס פאַרגעהט די
זונן און פון איהר פּלאַטץ צו וועלכען זי שטרעבט
דאָרטען שיינט זי (ווידער) אַרויס.
6 געהענדיג צו דרום און זיך אומדרעהענדיג צו צפון,
קרייזט זיך און געהט רונד אַרום דער ווינד, און אין
זיינע קרייזען קעהרט אום זיך דער ווינד.
7 אַלע שטראָמען געהען צום ים און דער ים ווערט ניט
פול; פון דעם פּלאַטץ וואוהין די שטראָמען געהען,
(פון) דאָרטען קומען זיי ווידער.

8 אַלע זאַכען מיהען זיך. קיין מענש קען (עס) ניט אויס־
דריקען. ניט זאַט װערען קען דאָס אויג זעהענדיג און
ניט פול דאָס אויער — הערענדיג.

9 װאָס איז געשעהן דאָס װעט (װידער) געשעהן און
װאָס איז געטהאָן געװאָרען דאָס װעט (װידער) גע־
טהאָן װערען; און עס איז ניטאָ קיין נייעס אונטער
דער זונן.

10 פאַראַן אַ זאַך װאָס מע זאָגט (אויף איהר): אָט זעה
עס איז אַ נייעס! (און דאָך) איז עס שוין געװעזען
פון אַלטע צייטען, (און) שוין געװעזען פ אַ ר אונז.

11 (עס בלייבט ניט) קיין אַנדענקען פון די אַמאָליגע, און
פון די שפּעטערדיגע װאָס װעלען ערשט זיין, פון
זיי װעט אויך ניט בלייבען קיין אַנדענקען צװישען
די, װאָס װעלען נאָך שפּעטער זיין.

12 איך, קהלת, בין געװעזען קיניג איבער ישראל אין
ירושלים.

13 און איך האָב אָפּגעגעבען מיין האַרץ צו זוכען און צו
פאָרשען מיט קלוגהייט, װעגען אַלצדינג װאָס פאַ־
סירט אונטער די הימלען. דאָס (אויך) איז אַ שלעכטע
באַשעפטיגונג װאָס גאָט האָט געגעבען דעם מענ־
שען׳ס קינדער זיך צו באַשעפטיגען מיט איהר.

14 איך האָב געזעהן (די) אַלע זאַכען װאָס װערען געטהאָן
אונטער דער זונן, און אַלצדינג איז בלויז נאַרישקייט
און װינד־יאָגענים —

15 אַ פאַרקרימונג וואָס מע קען ניט אויסגלייכען און אַ פעהלער וואָס קען ניט גאַנץ געמאַכט ווערען.

16 גערעדט האָב איך מיט מיין הערצען, זאָגענדיג: אָט בין איך גרויס געוואָרען און האָב ערוואָרבען מעהר קלוגהייט ווי איטליכער וואָס איז געווען פאַר מיר (אַ הערשער) איבער ירושלים, און מיין האַרץ האָט אָנגעזעהן פיעל חכמה און קענטענים.

17 און איך האָב אָפּגעגעבען מיין האַרץ צו פאַרשטעהן חכמה און (אויך) צו פאַרשטעהן משוגעת און נאַרישקייט; איך ווייס אָבער אַז דאָס אויך איז ווינד־יאָגענים.

18 דען אין פיעל חכמה איז פיעל פאַרדרוס, און דער וואָס מעהרט קענטענים מעהרט וועהטאָג.

קאַפּיטעל ב.

1 איך האָב געזאָגט אין מיין הערצען: קום לאָמיך דיך פּרובירען מיט לוסטיגקייט, און געניסען גוטס זאָל־סטו; אָבער דאָס אויך איז נאַרישקייט.

2 אויף לאַכען האָב איך געזאָגט: ס'איז משוגע, און אויף לוסטיגקייט — וואָס טהוט זי אויף?

3 איך האָב געקלערט אין מיין הערצען, צו צוגעוואוהנען צו ווייך מיין לייב (צו דער זעלבער צייט וואָס) מיין הערץ זאָל זיך מיט חכמה אַרומפיהרען; און זיך האַלטען אָן נאַרישקייט ביז איך וועל זעהן וועלכעס

איז דאָס בעסטע פאַר דעם מענשענ׳ס קינדער, וואָס
זיי זאָלען טהאָן אונטער די הימלען אין זייערע
געצעהלטע טעג פון לעבען.

4 איך האָב גרויסע זאַכען אויפגעטהאָן: איך האָב מיר געבויט הייזער, איך האָב מיר געפלאַנצט וויינ־גערטנער׳.

5 איך האָב מיר געמאַכט גערטנער און סעדער און איך האָב איינגעפלאַנצט אין זיי יעדען (זאָרט) פרוכט־בוים.

6 איך האָב מיר געמאַכט סאַזעוּוקעס פון וואַסער, אום פון זיי אָנצוטרינקען דעם וואַלד מיט ביימער בעוואַקסען.

7 איך האָב איינגעשאַפט קנעכט און דיענסטען, און הויז־שקלאַפען האָב איך געהאַט; איך האָב געהאַט א סטאַדע פון רינדער און שאָף מעהר ווי אַלע וואָס זיינען געווען פאַר מיר אין ירושלים.

8 איך האָב מיר אויך אָנגעזאַמעלט זילבער און גאָלד און שאַצען פון קיניגען און פון די לענדער; איך האָב מיר איינגעשאַפט זינגערס און זינגערקעס און די פאַרגעניגענס פון דעם מענשענ׳ס קינדער און אַלער־ליי רייצענדע שענהייטען.

9 און איך בין געווען גרעסער און האָב מעהר ערוואָרבען ווי איטליכער וואָס איז געוועזען פאַר מיר אין ירושלים; אויך איז מיר מיין חכמה בייגעשטאַנען.

10 און (קיין זאַך) וואָס מיינע אויגען האָבען פאַרלאַנגט

האָב איך פון זיי ניט געמינדערט; איך האָב ניט
צוריקגעהאַלטען מיין האַרץ פון קיין לוסטיגקייט,
כדי מיין הערץ זאָל זיך אָנפרעהען מיט מיין האָרע־
וואַניע, דען דאָס איז דאָך געווען מיין (איינציגער)
טהייל פון מיין האָרעוואַניע.

11 האָב איך זיך אָבער געקעהרט צו אַלע מיינע אויפ־
טהוען, וואָס מיינע הענד האָבען אויפגעטהאָן, און
צו דער האָרעוואַניע וואָס איך האָב געהאָרעוועט
אום (דאָס) אויפצוטהאָן און — אַלץ איז נאַרישקייט
און ווינד־יאַגענים און קיין נוץ איז ניטאָ אונטער
דער זונן.

12 און געווענדט האָב איך זיך צו באַקוקען חכמה און
ס'איז משוגעת (בלויז) און נאַרישקייט; דען וואָס
(קען אויפטהאָן) דער מענש וועלכער קומט נאָך
דעם קיניג? (בלויז) דאָס וואָס מע האָט שוין פריהער
געטהאָן.

13 דאַן האָב איך איינגעזעהן אַז אַ מעלה האָט חכמה
איבער נאַרישקייט, ווי די מעלה פון ליכט איבער
פינסטערנים.

14 דער חכם האָט זיינע אויגען אין קאָפּ און דער נאַר
געהט אין פינסטערנים. אָבער איך ווייס אויך אַז
איין שיקזאַל וועט זיי אַלעמען טרעפען.

15 און איך האָב געזאָגט אין מיין האַרצען: ווי דער
שיקזאַל פון דעם נאַרען (אַזוי) וועט מיר אויך פּאַסי־

רען, צו וואָס דען בין איך קליגער געווען? און איך
האָב גע׳טענה׳ט מיט מיין האַרצען אַז דאָס אויך
איז נאַרישקייט.

16 דען עס בלייבט ניט קיין עראינערונג פון דעם חכם
אַזוי ווי פון דעם נאַרען — אויף אייביג; דען דאָס
אַמאָליגע וועט אין די קומענדיגע טעג אין גאַנצען
פאַרגעסען זיין. און ווי שטאַרבט דער חכם? —
גלייך ווי דער נאַר.

17 און איך האָב פיינד געקריגען דאָס לעבען, וויל צו־
ווידער איז מיר געוואָרען די פּאַסירונג וואָס פּאַסירט
אונטער דער זונן; דען אַלצדינג איז נאַרישקייט און
ווינד־יאָגענים.

18 און איך האָב פיינד געקריגען מיין גאַנצע האָרעוואַניע
וואָס איך האָב אָנגעהאָרעוועט אונטער דער זונן,
אום זי איבערצולאָזען פאַר אַ מענשען וואָס וועט
קומען נאָך מיר.

19 און ווער ווייס, צי וועט ער אַ חכם זיין אָדער אַ נאַר?
און דאָך וועט ער געוועלטיגען איבער מיין האָרע־
וואַניע, וועלכע איך האָב צונויפגעהאָרעוועט מיט
מיין חכמה אונטער דער זונן. דאָס אויך איז
נאַרישקייט.

20 און איך האָב זיך איבערגעלעגט, זיך מיאש צו זיין
אין מיין האַרצען פון מיין גאַנצער האָרעוואַניע
וואָס איך האָב אָנגעהאָרעוועט אונטער דער זונן.

21 דען ס'איז דאָ אַ מענש וואָס זיין אַרבייט איז מיט
חכמה און מיט קענטענים און מיט פעהיגקייט, און
פאַר אַ מענשען וואָס האָט דאַרויף ניט געאַרבייט
לאָזט ער איבער זיין אייגענטהום. דאָס אויך איז אַ
נאַרישקייט און אַ גרויסער אונרעכט.

22 דען וואָס קומט אַרויס דעם מענשען פון זיין גאַנצער
האָרעוואַניע און פון דער שטרעבונג פון זיין האַרצען
— וואָס ער מיהט זיך (אַזוי) אונטער דער זונן ?

23 דען אַלע זיינע טעג זיינען וועהטאָגען און זיין באַשעפ־
טיגונג — פאַרדרוס; צומאָל ביינאַכט שלאָפט ניט
זיין האַרץ. דאָס אויך איז נאַרישקייט.

24 עס איז אויך ניט קיין גליק פאַר דעם מענשען ער זאָל
עסען און טרינקען און לאָזען זיין זעעל געניסען גוטס
פאַר זיין האָרעוואַניע. דאָס אויך, האָב איך געזעהן,
קומט פון גאָט'ס האַנד.

25 דען ווער נאָך קען עסען און געניסען מעהר ווי איך
(האָב געקענט) ?

26 דען דעם מענשען וואָס איז ביי איהם אָנגענומען, גיט
ער (גאָט) חכמה און קענשאַפט און פרייד; און
דעם זינדיגען גיט ער אַ באַשעפטיגונג: צו קלייבען
און צו זאַמלען (אום עס דערנאָך) אַוועגצוגעבען צו
דעם וואָס איז אָנגענומען ביי גאָט. דאָס אויך איז
נאַרישקייט און ווינד־יאָגענים.

## קאפּיטעל ג.

1 אויף אַלין איז דאָ אַ טערמין, און אַ צייט פאַר יעדע
אונטערנעהמונג אונטער די הימלען.
2 אַ צייט צו געבאָרען ווערען און אַ צייט צו שטאַרבען ;
אַ צייט צו פלאַנצען, און אַ צייט אויסצורייסען דאָס
געפלאַנצטע.
3 אַ צייט צו טייטען, און אַ צייט צו היילען ; אַ צייט צו
ברעכען און אַ צייט צו בויען ;
4 אַ צייט צו וויינען און אַ צייט צו לאַכען ; אַ צייט צו
קלאָגען און אַ צייט צו טאַנצען ;
5 אַ צייט אַוועגצואוואַרפען שטיינער, און אַ צייט אויפ־
צוקלייבען שטיינער ; אַ צייט אַרומצונעהמען און
אַ צייט זיך צוריקצוהאַלטען פון ארומנעהמען ;
6 אַ צייט צו זוכען, און אַ צייט צו פאַרלירען ; א צייט
צו באַהאַלטען און אַ צייט אַוועגצואוואַרפען ;
7 אַ צייט צו רייסען און אַ צייט צו נעהען ; אַ צייט צו
שווייגען און אַ צייט צו רעדען ;
8 אַ צייט צו ליעבען און אַ צייט צו האַסען ; אַ צייט
פאַר קריעג און אַ צייט פאַר פריעדען.
9 וואָס פאַר אַ נוץ האָט דער טהוער פון דעם וואָס ער
האָרעוועט ?
10 איך האָב געזעהן די באַשעפטיגונג וואָס גאָט האָט
געגעבען דעם מענשען׳ס קינדער זיי זאָלען זיך מיט
איהר באַשעפטיגען.

11 אַלצדינג האָט ער געמאַכט פּאַסיג פאַר דער צייט;
ער האָט אויך דאָס געהיימנים אַריינגעטהאָן אין
זייער הערץ דאמיט דער מענש זאָל ניט באַגרייפען
דאָס ווערק, וואָס גאָט האָט געמאַכט, פון אָנהויב
ביז׳ן ענד.
12 איך ווייס אַז עס איז ניטאָ קיין (אַנדער) גוטס פאַר
זיי ווי בלויז צו זיין פרעהליך און צו טהאָן דאָס וואָס
גוט איז, (איטליכער) אין זיין לעבען.
13 און יעדער מענש וואָס עסט און טרינקט און געניסט
גוטס פאַר זיין האָרעוואַניע — דאָס אויך איז אַ גע־
שאַנק פון גאָט.
14 איך ווייס אַז אַלצדינג וואָס גאָט טהוט, דאָס וועט
זיין אייביג; דערצו איז ניטאָ וואָס צוצולעגען און
דערפון איז ניטאָ וואָס אַרונטערצונעהמען; און גאָט
האָט אַזוי געמאַכט אַז מע זאָל מורא האָבען פאַר
איהם.
15 דאָס וואָס איז שוין ג ע ו ו ע ז ע ן, א י ז, און
דאָס וואָס ד אַ ר ף ערשט זיין אין שוין ג ע ו ו ע־
ז ע ן, און גאָט זוכט (ווידער) אויף דאָס פאַר־
שוואונדענע.
16 און אויך האָב איך געזעהן אונטער דער זונן: (אין)
דעם אָרט פון גערעכטיגקייט — דאָרט איז אונ־
רעכט; און (אין) דעם אָרט פון עהרליכקייט —
דאָרט איז אונגערעכטיגקייט.

17 איך האָב געזאָגט אין מיין האַרצען: (אי) דעם גערעכ־
טען (אי) דעם אונגערעכטען וועט אורטהיילען גאָט;
דען (עס קומט) דאָרטען אַ צייט פאַר יעדע טהאַט
און פאַר יעדע פאַסירונג.

18 איך האָב איבערגעטראַכט אין מיין האַרצען וועגען
וואָס די מענשען זאָגען אַז גאָט האָט זיי אויסגעקלי־
בען, און האָב איינגעזעהן אַז זיי זיינען בלויז פיה.

19 דען דער שיקזאַל פון דעם מענשען'ס קינדער איז דער
שיקזאַל פון דעם פיה, און איין שיקזאַל איז זיי ביידען
(באַשעערט); ווי דער שטאַרבט אַזוי שטאַרבט דער;
דערזעלביגער אָטהעם פון לעבען איז ביי (זיי) אַלע־
מען, און קיין אויסצייכענונג פון דעם מענשען איבער
דעם פיה איז ניטאָ. דען אַלץ איז נאַרישקייט.

20 אַלצדינג געהט צו איין פּלאַטץ; אַלץ איז געוואָרען פון
דעם שטויב און אַלץ קעהרט זיך אום צו דעם שטויב.

21 ווער וויים? דער גייסט פון דעם מענשען'ס קינדער —
צי געהט ער אַרויף אויבען? און דער גייסט פון דעם
פיה — צי געהט ער אַרונטער אונטען אין דער ערד?

22 און איך האָב איינגעזעהן אַז עס איז ניטאָ קיין בעסע־
רעס, ווי וואָס דער מענש זאָל געניסען פון זיינע
אַרבייטען, דען דאָס איז זיין (איינציגער) טהייל; דען
ווער וועט איהם ברינגען (ווידער אַהער) צו זעהן
דאָס וואָס וועט געשעהן נאָך איהם?

## קאפּיטעל ד.

1 און איך האָב זיך אומגעווענדעט און באַקוקט די אַלע
וועלכע ווערען אונטערדריקט אונטער דער זונן:
און אָט איז די טהרער פון די אונטערדריקטע וואָס
פאַר זיי איז קיין טרייסטער ניטאָ; און (זיי שטעהען
אוים) די טיראַניי פון זייערע אונטערדריקער'ס
האַנד, און פאַר זיי איז קיין טרייסטער ניטאָ.
2 און איך האָב גליקליכער געשעצט די טויטע, וועלכע
זיינען שוין געשטאָרבען, פון די לעבעדיגע וועלכע
לעבען נאָך.
3 און גליקליכער פון ביידען דעם וואָס איז נאָך ניט
באַשאַפען געוואָרען, דעם וואָס האָט נאָך ניט גע־
זעהן, די שלעכטע פּאַסירונגען וואָס פּאַסירען אונטער
דער זונן.
4 און איך האָב געזעהן אַז דאָס גאַנצע מיהען זיך, און די
גאַנצע פעהיגע טהעטיגקייט, זיינען (בלויז) קנאה פון
איין מענשען צום אַנדערען. דאָס אויך איז נאַריש־
קייט און ווינד־יאָגענים.—
5 דער נאַר פאַרלעגט זיינע הענד און עסט זיין אייגען
פלייש.
6 בעסער איין פולע האַנד מיט רוה עהדער ביידע הויפענס
פול מיט מאַטערנים און ווינד־יאָגענים.
7 און איך האָב זיך אומגעקעהרט און באַקוקט די נאַריש־
קייט אונטער דער זונן.

8 אָט איז דאָ איינער וואָס האָט צו זיך קיינעם ניט, צומאָל
קיין זוהן און קיין ברודער האָט ער ניט; און (דאָך)
איז קיין ענד ניטאָ צו זיין גאַנצער האָרעוואַגיע, און
זיין אויג צומאָל ווערט ניט זאַט מיט רייכטהום. —
און פאַר וועמען אַרבייט איך און באַרויב מיין (איי־
גענע) זעעלע פון פאַרגעניגען? — דאָס אויך איז
נאַרישקייט און אַ שלעכטע באַשעפטיגונג. —
9 בעסער זיינען צוויי ווי איינער; דען זיי האָבען אַ גוטע
באַלויהנונג פאַר זייער אַרבייט.
10 דען אויב זיי וועלען פאַלען, וועט איינער אויפשטעלען
דעם אַנדערען; דאָך וועה צו דעם איינצעלנעם וואָס
פאַלט, ווען עס איז ניטאָ קיין צווייטער איהם אויפ־
צוהויבען.
11 אויך ווען עס שלאָפען צוויי (צוזאַמען) דאַן איז זיי
וואַרעם; אָבער דעם איינצעלנעם ווי קען וואַרעם
ווערען?
12 און ווען אימיצער זאַל בייקומען דעם איינצעלנעם,
וועלען די צוויי זיך שטעלען קעגען איהם; און דער
דרייפאַכער פאָדעם וועט ניט שנעל פונאַנדערגעריי־
סען ווערען.
13 בעסער איז אַן אָרעם אינגעל און אַ קלוגער, עהדער א
קיניג אַן אַלטער און אַ נאַר וועלכער וייס ניט מעהר
ווי זיך צו היטען.
14 דען פון געפענגנים אַרויס קומט (אָפט) דער וואָס

דאַרף קיניגען; און דער וואָס איז אין קיניגטהום
געבאָרען ווערט פאַראָרעמט (אָפּט).
15 איך האָב געזעהן די אַלע לעבענדע וואָס געהען אום
אונטער דער זונן (האַלטענדיג) מיט דעם צווייטען
קינד וואָס שטעהט אויף אויף זיין פּלאַטץ.
16 עס איז ניט געווען קיין ענד צו דעם פאָלק — צו די
אַלע וואָס זיינען געווען פ א ר זיי; און אויך די שפּע־
טערדיגע וועלען זיך מיט איהם ניט פרעהען. און דאָס
אויך איז נאַרישקייט און ווינד־יאָגעניס.
17 היט דיין פוס ווען דו געהסט אין דאָס הויז פון גאָט,
און ער וועט נעהנטער זיין דיך צו צוהערען ווי
ווען די נאַרען ברינגען אַן אָפּפער, דען זיי פאַר־
שטעהען ניט און טהוען שלעכטס.

קאַפּיטעל ה.

1 זאָלסט ניט זיין האַסטיג מיט דיין מויל, און דיין האַרץ
זאָל זיך ניט איילען ארויסלאָזען אַ וואָרט פאַר גאָט;
דען גאָט איז אין די הימלען און דו ביזט אויף דער
ערד: דרום זאָלען דיינע ווערטער זיין ווינציג.
2 אַזוי ווי אַ טרוים קומט מיט פיעל פאַסירונגען, אַזוי —
די שטים פון דעם נאַרען מיט פיעל ווערטער.
3 ווען דו וועסט מאַכען אַ צוזאָג צו גאָט, זאָלסטו זיך
ניט שפּעטיגען איהם צו באַצאָהלען; דען ער האָט
קיין געברויך ניט פאַר קיין נאַרען; וואָס דו האָסט
מנדר געווען באַצאָהל.

4 בעסער דו זאָלסט גאָר ניט מנדר זיין, עהדער דו זאָלסט
מנדר זיין און ניט באַצאָהלען.

5 זאָלסט ניט לאָזען דיין מויל זינדיג־מאַכען דיין לייב;
און זאָלסט ניט זאָגען פאַר דעם מלאך, אַז עס איז
געווען אַ פאַרזעהן: וואָרום זאָל גאָט צאָרנען אויף
דיין שטים און צושטערען די אַרבייט פון דיינע
הענד?

6 דען אַזוי ווי אין פיעל חלומות (זיינען דאָ) פיעל נאַריש־
קייטען אַזוי — אין פיעל רייד. אָבער האָב מורא פאַר
גאָט.

7 ווען דו זעהסט אין לאַנד די אונטערדריקונג פון דעם
אָרעמאַן, און די באַרויבונג פון רעכט און גערעכטיג־
קייט, ניט וואונדער זיך אויף דער זאַך; דען אַ
העכערער פּאַסט אויף דעם הויכען, און נאָך העכערע
— איבער זיי (ביידען).

8 אָבער אַ מעלה פאַר אַ לאַנד אין אַלצדינג איז — אַ
קיניג וואָס איז איבערגעגעבען צום לאַנד. —

9 דער וואָס האָט ליעב געלד, קען קיינמאָל ניט זאַט ווע־
רען מיט געלד; און דער וואָס האָט ליעב רייכטהום
— קיינמאָל ניט מיט (זיין) איינקונפט. דאָס אויך איז
נאַרישקייט.

10 דען וואָס מעהר דאָס גערעטעניס אַלין מעהר זיינען די
וואָס פאַרצעהרען עס; און וואָס פאַר אַ נוץ האָט דער

אייגענטהימער ? — בלויז דאָס זעהענים פון זיינע
אויגען.

11 זיס איז דער שלאָף פון דעם אַרבייטער, צי ער האָט
ווענינ צי פיעל געגעסען ; און דעם רייכען׳ס זעטיג־
קייט לאָזט איהם ניט שלאָפען.

12 עס איז פאַראַן אַ בייזע פּלאָג וואָס איך האָב געזעהן
אונטער דער זונן : רייכטהום וואָס ווערט געהאַלטען
פאַר דעם אייגענטהימער צו זיין (אייגענעם) שאָדען.

13 און דאָס רייכטהום ווערט פאַרלאָרען אין אַ שלעכטער
אונטערנעהמונג ; און אַ זוהן ווערט ביי איהם געבאָ־
רען און ער האָט גאָרניט אין זיין האַנד.

14 אַזוי ווי ער איז אַרוים פון זיין מוטער׳ס לייב —
נאַקעט וועט ער צוריקגעהן, אַזוי ווי ער איז געקו־
מען ; און גאָרניט וועט ער קענען נעהמען פאַר זיין
האָרעוואניע אום אַוועקצוטראָגען אין זיין האַנד.

15 און דאָס אויך איז אַ בייזע פּלאָג : אַזוי ווי ער איז
געקומען אַזוי געהט ער אַוועק. און וואָס פאַר אַ נוץ
האָט ער, וואָס ער האָט געאַרבייט פאַר׳ן ווינד ?

16 דען אַלע זיינע טעג האָט ער אין פינסטערנים פאַר־
צעהרט, און פיעל זיך געערגערט, און קראַנקהייט
האָט ער געהאַט און פאַרדרוס.

17 אָט וואָס איך האָב איינגעזעהן : דאָס ריכטיגע גליק
איז צו עסען און צו טרינקען און צו געניסען פאַרגע־
ניגען פאַר די מיה וואָס ער מיהט זיך אין די גע־

צעהלטע טעג פֿון לעבען, וואָס גאָט האָט איינעם
געגעבען; דען דאָס איז זיין (איינציגער) טהייל.
18 און יעדער מענש וואָס גאָט האָט איהם געשאָנקען
רייכטהום און גיטער און האָט איהם געגעבען די
מעגליכקייט צו געניסען דערפֿון און צו נעהמען זיין
טהייל, און זיך פֿרעהען מיט זיין האָרעוואַניע —
דאָס איז אַ געשאַנק פֿון גאָט.
19 זאָל ער געדענקען אַז ניט פֿיעל זיינען די טעג פֿון זיין
לעבען, און אַז גאָט האָט עס איהם באַשעערט די
פֿרייד פֿון זיין הערצען.

קאַפּיטעל ו.

1 עס איז פֿאַראַן אַ פּלאָג וואָס איך האָב געזעהן אונטער
דער זונן, און זי איז פֿאַרשפּרייט צווישען די מענשען:
2 אַ מאַן וועלכען גאָט האָט געגעבען רייכטהומער און
גיטער, און עהרע, און קיין זאַך פֿון אַלצדינג וואָס
ער געלוסט פֿעהלט ניט זיין זעעל: אָבער גאָט האָט
איהם ניט געגעבען די מאַכט צו געניסען דערפֿון, נאָר
אַ פֿרעמדער פֿאַרצעהרט עס; דאָס איז אַ נאַרישקייט
און אַ בייזע קריינק.
3 ווען אַ מאַן זאָל האָבען הונדערט (קינדער), און לעבען
פֿיעל יאָהרען — וויפֿיעל די טעג פֿון זיינע יאָהרען
זאָלען ניט זיין — אַזוי לאַנג ווי זיין זעעל האָט זיך ניט
געזעטיגט מיט גוטס און צומאָל קיין בעערדיגונג

האָט ער ניט געהאַט, זאָג איך, אַז בעסער פון איהם
איז דאָס מפּיל־קינד.
4 דען אָהן אַ האַפּט איז עס (דאָס מפּיל קינד) געקומען און
אין פינסטערנים געהט עס אַוועק, און מיט פינסטער־
נים ווערט זיין נאָמען פאַרדעקט.
5 ער האָט צומאָל די זונן ניט געזעהן און ניט געקענט;
עס האָט מעהר רוה געהאַט פון יענעם.
6 און ווען ער זאָל לעבען צוויי מאָל טויזענד יאָהר —
קיין גוטס האָט ער (דאָך) ניט אָנגעזעהן. און געהט
דען ניט איטליכער (אַהין) צו דעם זעלביגען פּלאַטץ?
7 די גאַנצע האָרעוואַניע פון דעם מענשען איז פאַר
זיין מויל; און דאָך ווערט די זעעל (דער באַגעהר)
קיינמאָל ניט געזעטיגט.
8 דאָך וואָס איז די מעלה פון דעם חכם איבער דעם נאַרען?
וואָס האָט דער אָ ר ע מ א ן, וועלכער וויים שוין ווי
אומצוגעהן מיט די לעבעדיגע?
9 בעסער דאָס וואָס די אויגען זעהען, ווי די פאָרשטעלונג
פון דער זעעל. דאָס אויך איז נאַרישקייט און ווינד־
יאָגענים.
10 דאָס וואָס איז שוין געוועזען איז שוין אָנגערופען גע־
וואָרען מיט'ן נאָמען; און עס איז באַקאַנט אַז ער
איז בלויז אַן ערד־מענש און קען זיך ניט האַמפּערען
מיט דעם וואָס איז מעכטיגער פון איהם.

11 דען פיעל רייד פאַרמעהרען אָפּט נאַרישקייטען: וואָס פאַר אַ נוין קומט אַרויס (דערפֿון) דעם מענשען?

12 דען ווער וויים וואָס איז גוט פאַר דעם מענשען אין לעבען, אין די געצעהלטע טעג פון זיין נישטיגען לע־בען, וועלכע ער פאַרברינגט ווי אַ שאָטען? דען ווער קען זאָגען דעם מענשען, וואָס עס וועט זיין נ אָ ך איהם אונטער דער זונן?

## קאפּיטעל ז.

1 אַ (גוטער) נאָמען איז בעסער ווי טהייערער אויל, און דער טאָג פון טויט — ווי דער טאָג פון געבאָרען ווערען.

2 בעסער איז צו געהן אין אַ הויז פון טרויער עהדער אין אַ הויז וואו ס'איז אַ מאָהלצייט; דען דאָס איז דאָס ענד פון יעדען מענשען; און דער לעבעדיגער זאָל זיך (עס) נעהמען צום הערצען.

3 בעסער קומער עהדער געלעכטער; דען ווען דאָס געזיכט איז באַטריבט פיהלט זיך דאָס הערץ גוט.

4 דאָס הערץ פון די קלוגע איז אין הויז פון טרויער, און דאָס הערץ פון די נאַרען — אין הויז פון פרעה־ליכקייט.

5 בעסער צו הערען דעם פאָרוואורף פון אַ קלוגען, עהדער אַ מאַן זאָל זיך צוהערען צו דעם געזאַנג פון נאַרען.

6 דען אַזוי ווי דאָס קנאַקען פון דערנער אונטער אַ טאָפּ,

אַזוי איז דאָס געלעכטער פון דעם נאַרען. דאָס אויך
איז נאַרישקייט.
7 דען רויב (־געלד) מאַכט משוגע דעם קלוגען; און שוחד
פאַרדאַרבט דאָס הערץ.
8 בעסער איז דער אויסלאָז פון אַ זאַך ווי איהר אָנהויב;
בעסער אַ געדולדיגער עהדער אַ שטאָלץ־מוטהיגער.
9 זיי ניט האַסטיג אין דיינע געפיהלען, צו ווערען צאָר־
ניג; דען דער צאָרען רוהט אין דעם בוזעם פון די
נאַרען.
10 זאָלסט ניט זאָגען: ווי איז עס געוועזען, אַז די אַמאָ־
ליגע טעג זיינען געוועזען בעסער ווי די היינטיגע? דען
ניט פון חכמה האָסטו וועגען דעם געפרעגט.
11 גוט איז חכמה (צוזאַמען) מיט אייגענטהום, און זי איז
נוצליך פאַר די וואָס זעהען דאָס זונן־ליכט.
12 דען (זייענדיג) אין דעם שאָטען פון חכמה (איז מען
אויך) אין דעם שוטץ פון געלד; און די מעלה פון
קענשאַפט איז, וואָס חכמה ערנעהרט איהרע אייגענ־
טהימער.
13 באַטראַכט דאָס ווערק פון גאָט; דען ווער קען אויס־
גלייכען דאָס וואָס ער האָט פאַרקרימט?
14 אין דעם טאָג פון גליק, זיי גליקליך; און אין דעם טאָג
פון אונגליק באַטראַכט: אַז איינס קעגען דעם אַנדערען
האָט גאָט באַשאַפען, מיט דעם צוועק אַז דער מענש
זאָל נאָך איהם קיין פעהלער ניט געפינען.

15 אַלצדינג האָב איך געזעהן אין מיינע נישטיגע טעג: פאַראַן אָפט אַ גערעכטער וואָס געהט אונטער אין זיין גערעכטיגקייט, און פאַראַן אַ פאַרברעכער וועלכער לעבט לאַנג מיט זיין פאַרדאָרבענהייט.

16 זאָלסט ניט זיין צופיעל גערעכט, און זאָלסט זיך ניט איבריגענס קליגען; ווארום זאָלסטו זיך אַליין צושטערען?

17 זאָלסט ניט זיין צו שלעכט, און זאָלסט ניט זיין קיין נאַר: ווארום זאָלסטו שטאַרבען פאַר דיין צייט?

18 עס איז גוט דו זאָלסט זיך אָן דעם האַלטען און פון יענעם זאָלסטו אויך ניט אָפּלאָזען דיין האַנד; דען דער גאָטספאָרכטיגער מיידט זיי (די עקסטרעמען) אַלע אוים.

19 די חכמה גיט דעם חכם מעהר שטאַרקייט ווי צעהן מעכטיגע הערשער וועלכע זיינען פאַראַן אין דער שטאָדט.

20 דען עס איז ניטאָ אויף דער ערד אַ מענש וואָס זאָל זיין אַזוי פרום אַז ער זאָל (אימער) טהאָן דאָס גוטע און (קיינמאָל) ניט זינדיגען. —

21 און שענק ניט קיין אויפמערקזאַמקייט צו אַלע רייד וואָס מע רעדט; זאָלסט ניט אונטערהאָרכען ווי דיין באַדינטער שילט דיך.

22 דען פיעל מאָל, דיין האַרץ ווייס עס דאָך, האָסטו אויך געשאָלטען אַנדערע.

23 דאָס אַלץ האָב איך ערפּאַהרען דורך חכמה: איך האָב
געטראַכט, איך בין שוין קלוג; אָבער עס איז נאָך
ווייט געוועזען פון מיר —

24 אַזוי ווייט ווי עס איז (פריהער) געוועזען, און טיעף,
טיעף; ווער קען עס אויסגעפינען?

25 און איך האָב ווידער באַשלאָסען אין מיין הארצען, צו
וויסען און צו פאָרשען און צו זוכען חכמה און אַ
רעכענונג, און צו דערגעהן די פאַרדאָרבענהייט פון
דומהייט, און נאַרישקייט און אונזינן.

26 און איך געפין אַז ביטערער פאַר'ן טויט איז דאָס
פרויענצימער, וועלכע איז (אין גאַנצען) פאַסטקעס
און איהר האַרץ (פול מיט) נעצען, און איהרע הענד
זיינען פענטעס; דער וואָס איז אָנגענומען ביי גאָט
רעטעט זיך פון איהר, און דער זינדיגער ווערט פון
איהר באַצוואונגען.

27 זעה, אָט דאָס האָב איך געפונען, זאָגט קהלת, איינס
מיט דעם אַנדערען, אום צו געפינען אַ רעכענונג,

28 וועלכע מיין זעעל זוכט נאָך אַלץ און איך האָב נאָך
ניט געפונען. איין מאַן צווישען טויזענד האָב איך
געפונען, אָבער אַ פרוי — האָב איך צווישען אַזוי
פיעל אויך ניט געפונען.

29 בלויז זעה, דאָס האָב איך אויסגעפונען: אַז גאָט האָט
דעם מענשען באַשאַפען גלייך, אָבער זיי האָבען גע־
זוכט אַ סך אויסטראַכטעניסען.

קאפּיטעל ח.

1 ווער איז ווי דער חכם און ווער פאַרשטעהט (ווי ער)
די ערקלערונג פון אַ זאַך? — די חכמה פון אַ מענ־
שען פאַרשיינט זיין געזיכט, און די ווילדקייט פון
זיין אויסזעהן ווערט געמילדערט.
2 איך (זאָג דיר): פאָלג דעם קיניג'ס מויל, לויט די
שבועה פון גאָט (וואָס דו האָסט איהם געגעבען).
3 זיי ניט איבעראיילט ווען דו געהסט אַוועק פון זיין
געזיכט, און פאַרנעהם זיך ניט מיט אַ שלעכטער זאַך;
דען וואָס ער וויל קען ער טהאָן.
4 וואו ס'איז דאָס וואָרט פון קיניג, איז מאַכט; און ווער
קען זאָגען צו איהם: וואָס טהוסט דו?
5 דער וואָס היט דאָס געזעץ וויים ניט פון קיין שלעכטער
באַגעגענים; און דאָס האַרץ פון דעם חכם וויים די
פּאַסיגקייט און ריכטיגקייט (פון זאַכען).
6 דען פאַר יעדע זאַך איז דאָ אַ (פּאַסיגע) צייט און אַ
ריכטיגעס געזעץ; דען דעם מענשען'ס פאַרדאָרבענ־
הייט איז זעהר שטאַרק ביי איהם.
7 דען ער וויים ניט וואָס עס וועט זיין: דען ווער זאָל
איהם זאָגען ווי עס וועט געשעהן?
8 קיין מענש קען ניט באַהערשען דעם גייסט, צוריקצו־
האַלטען דעם גייסט; און עס איז ניטאָ קיין מאַכט אין
דעם טאָג פון טויט; און עס איז ניטאָ קיין אורלויב

אין דער דאָזיגער שלאַכט ; און פאַרדאָרבענהייט
וועט ניט רעטען איהרע אייגענטהימער.
9 דאָס אַלץ האָב איך געזעהן, און האָב גענומען צו מיין
האַרצען אַלע געשעהעניסען וואָס געשעהען אונטער
דער זונן : עס איז דאָ אַ צייט וואָס איין מענש גע־
וועלטיגט איבער דעם צווייטען אום איהם שלעכטעס
צו טהאָן.
10 און אַזוי האָב איך אויך געזעהן, אַז פאַרברעכערס
וועלכע זיינען אַוועקגעגאַנגען פון יעדען הייליגען
פלאַטץ זיינען באַגראָבען געוואָרען און זיינען געקו־
מען צו זייער רוה און זיי (זייערע טהאטען) זיינען
פאַרגעסען געוואָרען אין דער שטאָדט וואו זיי האָבען
אַזוי (שלעכט) געפיהרט זיך. דאָס אויך איז אַ
נאַרישקייט.
11 דען דער אורטהייל אויף דער שלעכטע טהאַט ווערט
ניט שנעל אויסגעפיהרט ; דרום דערוועגט זיך דאָס
האַרץ פון דעם מענשען׳ס קינדער אין זיי, צו טהאָן
שלעכטעס.
12 אָבער ווען דער זינדיגער זאָל אפילו טהאָן שלעכטס
הונדערט מאָל און ער (גאָט) זאָל איהם אַלץ נאָך
וואַרטען — ווייס איך דאָך, אַז גוט וועט זיין (בלויז)
צו די גאָטספאָרכטיגע וואָס האָבען מורא פאַר
איהם.
13 אָבער דעם פאַרברעכער וועט קיין גוטס ניט אַרויסקו־

מען, און ער וועט קיין לאַנגע טעג ניט האָבען, אַזוי
ווי אַ שאָטען; ווייל ער האָט ניט מורא פאַר גאָט.

14 פאַראַן אַ נאַרישקייט וואָס געשעהט אויף דער ערד:
וואָס עס זיינען דאָ גערעכטע מיט וועלכע עס פאַסירט
לויט די טהאַטען פון די פאַרדאָרבענע; און עס
זיינען דאָ פאַרדאָרבענע וואָס זיי פאַסירט לויט די
טהאַטען פון די גערעכטע. איך האָב געטראַכט: אַז
דאָס אויך איז אַ נאַרישקייט.

15 און איך לויב די לוסטיגקייט, דען עס איז ניטאָ קיין
בעסערס פאַר דעם מענשען אונטער דער זונן ווי צו
עסען און צו טרינקען און פרעהליך צו זיין; דען דאָס
איז דאָס איינציגע וואָס באַגלייט איהם, דורך זיין
פלאָגענים אין די טעג פון זיין לעבען, וועלכע גאָט
האָט איהם געשאָנקען אונטער דער זונן.

16 ווען איך האָב אָפּגעגעבען מיין הערץ צו לערנען קלוג־
הייט, און צו באַקוקען די אַרבייט וואָס ווערט גע־
טהאָן אויף דער ערד, אַז ניט ביי טאָג און ניט ביי
נאַכט זעהט ער (אָפט) קיין שלאָף אין זיינע אויגען
ניט —

17 האָב איך געזעהן (אין) דעם גאַנצען ווערק פון גאָט,
אַז דער מענש קען ניט אויסגעפינען די זאַכען וואָס
ווערען געטהאָן אונטער דער זונן; דען ווי דער מענש
זאָל זיך ניט מיהען זוכענדיג, וועט ער דאָך ניט געפי־

נען; און ווען דער חכם זאָל װעלען װיסען קען ער
אויך ניט געפינען.

## קאַפּיטעל ט.

1 דען דאָס אַלץ האָב איך איבערלעגט אין מײן האַרצען
אום דאָס אַלץ פֿאַנאַנדערצוקלײבען, אַז אי די פֿרומע
אי די קלוגע, אי זײערע טהאַטען זײנען אין דער
האַנד פון גאָט; ניט ליעבע, ניט האַס, פֿאַרשטעהט
דער מענש; אַלצדינג איז זײ (די מענשען) פֿאָראויס
באַשטימט געוואָרען.
2 אַלצדינג פֿאַר אַלעמען. אײן שיקזאַל פֿאַסירט דעם גע־
רעכטען און דעם שלעכטען, דעם גוטען און דעם
רײנעם װי דעם אונרײנעם, דעם וואָס ברינגט אָפּפֿער
װי דעם וואָס ברינגט ניט קײן אָפּפֿער; דער גוטער
איז װי דער זינדיגער; דער וואָס שווערט װי דער
וואָס שרעקט זיך פֿאַר אַ שבועה.
3 דאָס איז דאָס אונגליק אין אַלצדינג וואָס פֿאַסירט
אונטער דער זונן: וואָס אײן שיקזאַל איז פֿאַר אַלע־
מען, און וואָס דאָס האַרץ פון דעם מענשען׳ס
קינדער איז פֿול מיט שלעכטיגקײט און משוגעת
איז אין זײער האַרצען בײ זײער לעבען; און דערנאָך
(געהען זײ) צו די טויטע.
4 דען דער וואָס איז נאָך באַהעפֿט צו אַלע לעבעדיגע,
(פֿאַר איהם) איז נאָך דאָ האָפֿנונג; יאַ, דעם לעבע־

דיגען הונד איז בעסער ווי דעם לייב וואָס איז טויט.

5 דען די לעבעדיגע ווייסען (כאָטש) אַז זיי וועלען
שטאַרבען; אָבער די טויטע ווייסען גאָרנישט; און
זיי האָבען מעהר קיין באַלויהנונג ניט; דען זייער
אָנדענק ווערט פאַרגעסען.

6 אי זייער ליעבע, אי זייער האַס, אי זייער קנאה ווערען
שוין פאַרלאָרען; און זיי וועלען מעהר קיינמאָל ניט
האָבען קיין אַנטהייל אין וואָס עס ווערט געטהאָן
אונטער דער זונן.

7 געה עס מיט פרייד דיין ברויט, און טרינק מיט אַ
פרעהליכען האַרצען דיין וויין, דען גאָט האָט שוין
באַוויליגט דיינע טהאַטען.

8 צו יעדער צייט זאָלען דיינע קליידער זיין ווייס; און
אויל זאָל ניט פעהלען אויף דיין קאָפּ.

9 געניס דאָס לעבען מיט דער פרוי וואָס דו ליעבסט אַל־די
טעג פון דיין נישטיגען לעבען וואָס ער (גאָט) האָט
דיר געשאָנקען אונטער דער זון — אַלע נישטיגע טעג
דיינע; דען דאָס איז דיין (איינציגער) טהייל אין
לעבען, פאַר דיין מיה וואָס דו מיהסט זיך אונטער
דער זון.

10 אַלצדינג וואָס דיין האַנד קען אויפטהון מיט דיין
קראַפט, טהו; דען עס איז ניטאָ קיין אַרבייט און
קיין רעכענונג און קיין וויסען און קייז חכמה אין
דער אונטער־וועלט וואוהין דו געהסט.

11 איך האָב ווידער געזעהן אונטער דער זון אַז ניט די
פלינקע געווינען דעם לויף, און ניט די העלדען — די
שלאַכט; און ניט די קלוגע האָבען ברויט, און ניט
די פאַרנינפטיגע — רייכטהום, און ניט די פאַר־
שטענדיגע (געפינען) לייטזעליגקייט; דען צייט און
צופאַל דערגרייכען זיי אַלעמען.
12 דען דער מענש ווייס ניט צומאָל זיין שיקזאַל, אַזוי ווי
פיש וועלכע זיינען געפאַנגען אין דער בייזער נעץ,
און ווי פויגלעך וועלכע זיינען געכאַפּט אין אַ
פאַסטקע; אַזוי ווי זיי, אַזוי פאַלען דעם מענשען'ס
קינדער אַריין אין דעם בייזען שיקזאַל, ווען עס
קומט פלוצלונג אָן אויף זיי.
13 אָט די חכמה אויך האָב איך געזעהן אונטער דער זונן,
און גרויס איז זי ביי מיר (געווען): —
14 עס איז געווען אַ קליינע שטאָדט און מענשען אין
איהר זיינען געווען ווייניג; און עס איז אַרויפגעקו־
מען אויף איהר אַ גרויסער קיניג, און האָט זי אַרום־
גערינגעלט, און האָט געבויט אַרום איהר גרויסע
פעסטונגען;
15 אָבער מע האָט געפונען אין איהר אַ'ן אָרעמען קלוגען
מאַן, און ער האָט געראַטעוועט די שטאָדט מיט זיין
חכמה; און דאָך האָט קיין מענש ניט דערמאָנט
דעם דאָזיגען אָרעמען מאַן.
16 און איך האָב געזאָגט: בעסער איז חכמה פון שטאַר־

קייט, כאָטש די חכמה פון דעם אָרעמען ווערט פאַר־
אַכטעט, און זיינע ווערטער ווערען ניט געהערט. —
17 די געלאַסענע ווערטער פון די קלוגע ווערען בעסער
צוגעהערט ווי דאָס אָנשרייען פון דעם הערשער אויף
נאַרען.
18 בעסער חכמה ווי קריגס־וואַפען; און איין זינדיגער
פאַרניכטעט פיעל גוטס.

קאַפּיטעל י.

1 טויטע פליגען פאַרשטינקען און צובלעזלען דעם
זאַלבען־קאָכער׳ס טהייערען אויל — (אַזוי וועגט)
חכמה און עהרע אַריבער איין ביסעל נאַרישקייט.
2 דאָס האַרץ פון דעם קלוגען ציהט זיך צו זיין רעכטער
זייט, און דאָס האַרץ פון דעם נאַרען — צו זיין לינ־
קער זייט.
3 און אויף וועלכען וועג דער נאַר געהט, פעהלט איהם
פאַרשטאַנד, און ער זאָגט אַלעמען אויס אַז ער איז
אַ נאַר.
4 ווען עס קומט אַרויף אויף דיר דער הערשער־גייסט,
פאַרלאָז ניט דיין פּלאַטץ; מילדקייט פאַרשטיקט
גרויסע זינד.
5 איך האָב געזעהן אַ׳ן אונגליק אונטער דער זונן וואָס
איז אַזוי ווי אַ פאַרזעהן וואָס כאַפּט זיך אַרויס פון
אַ הערשער׳ס מויל: —

6 דער נאַר ווערט אַרױפגעזעצט אויף גרויסע הויכקייטען, און דער מאַגנאַט זיצט אין דער נידער.
7 איך האָב געזעהן קנעכט (רייטענדיג) אויף פערד, און פירסטען געהען (צו פוס) ווי קנעכט אויף דער ערד.
8 דער וואָס גראָבט אַ גרוב, פאַלט אין איהר אַריין; און דער וואָס ברעכט דורך אַ צאַהם — איהם בייסט איין אַ שלאַנג.
9 דער וואָס שלעפּט שטיינער קאַליעטשעט זיך אָן זיי, דער וואָס שפּאַלט האָלץ־פּלעקער שטעלט זיך אין געפאַהר פון זיי.
10 ווען דער אייזען ווערט שטומפּיג, און ער (דער האָלץ־העקער) האָט דעם קלינג ניט פאַרשאַרפט, דאַן מוז ער (זיינע) קרעפטען אָנשטרענגען; אָבער די מעלה פון פעהיגקייט — האָט די חכמה בלויז.
11 ווי אַ שלאַנג וואָס בייסט איין און עס העלפט ניט קיין שפּרוך — ניט בעסער פון איהר איז דער מאַן מיט דער (שאַרפער) צונג.
12 די ווערטער פון דעם קלוגענ׳ס מויל זיינען אַ׳ן אַנציהונג; און די ליפּען פון דעם נאַרען ברינגען איהם אום.
13 די אָנהויב־ווערטער פון זיין מויל זיינען אונזינן, און דאָס לעצטע (וואָס קומט אַרויס) פון זיין מויל איז אַ בייזער משוגעת.
14 אָבער דער נאַר שיט (מיט) ווערטער. — עס ווייס

ניט דער מענש וואָס עס וועט זיין; און וואָס עס ו ו ע ט געשעהן נאָך איהם, ווער זאָל עס איהם זאָגען?

15 די מיה פון דעם נאַרען פאַרמאַטערט איהם, דען ער וויים ניט ווי צו געהן צו דער שטאָדט.

16 וועה צו דיר, דו לאַנד, וואָס דיין קיניג איז א אינגעל, און דיינע פירסטען עסען אין דער פריה.

17 וואָוהל איז דיר, דו לאַנד, וואָס דיין קיניג איז אַ קינד פון אַדעל־לייט, און דיינע פירסטען עסען אין דער צייט, (פירסטען) אין העלדישקייט, ניט (בלויז) צום טרינקען.

18 פון פוילקייט ווערט דער באַלקען צופוילט; און פון אָפּגעלאָזענע הענד — רינט דאָס הויז.

19 פון פרעהליכקייט וועגען מאַכט מען אַ מאָהלצייט, און וויין מאַכט לוסטיג דאָס לעבען; אָבער געלד פאַרשאַפט אַלצדינג.

20 אין דיין געדאַנקען צומאָל זאָלסטו דעם קיניג ניט שילטען און אין דיינע שלאָפ־צימערען זאָלסטו ניט פלוכען דעם רייכען; דען דער פויגעל פון הימעל פיהרט אַוועק די שטים, און דער וואָס האָט פליגלען, וועט איבערדערצעהלען די רייד.

קאַפּיטעל יא.

1 שיק אַוועק דיין ברויט אויפ'ן וואַסער דען נאָך (דעם פאַרלויף פון) פיעל טעג וועסטו עס צוריק געפינען.

2 צוטהייל אויף זיבען און אויך אויף אַכט דען דו ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ'ן אונגליק עס קען קומען אויף דער ערד.

3 ווען די וואָלקענס ווערען פול, לעדיגען זיי אויס רעגען אויף דער ערד; און ווען עס פאַלט אַ קלאָץ צו דרום אָדער צו צפון — אויף דעם אָרט וואו דער קלאָץ פאַלט דאָרט וועט ער בלייבען. —

4 דער וואָס פאַסט (נאָכאַנאַנד) אויף, אויף דעם ווינד, וועט (קיינמאָל) ניט זעען, און דער וואָס קוקט (נאָכ־אַנאַנד) אויף די וואָלקען — וועט (קיינמאָל) ניט שניידען.

5 אַזוי ווי דו ווייסט ניט דעם וועג פון דעם ווינד, (און אַזוי) ווי (דו ווייסט ניט) וואָס איז אינוועניג אין דעם לייב פון אַ שוואַנגערע, אַזוי ווייסט דו ניט דאָס ווערק פון גאָט, וועלכער מאַכט אַלצדיג.

6 אין פריה־מאָרגען זייה דיין זאָמען, און אין אבענד לאָז (אויך) ניט אָפּ דיין האַנד; דען דו ווייסט ניט וועל־כער וועט געראָטען, דער אָדער יענער, אָדערביידע גלייך זיינען גוט.

7 זים איז די ליכטיגקייט, און אַנגענעהם פאַר די אויגען (איז) זעהן די זונן.

8 דען וויפיעל יאָהרען דער מענש זאָל לעבען, אַלע זאָל ער געניסען; און זאָל ער זיך דערמאָנען אָן די פינ־

סטערע טעג ; דען פיעל אַזוינע װעלען זיין. — אַלצ־
דינג װאָס פּאַסירט איז נאַרישקייט.
9 זיי לוסטיג, יונגער מאַן, אין דיין קינדהייט ; און זאָל
דיך דיין הערץ דערפרעהען אין די טעג פון דיין
יוגענד ; און געה אין די װעגען פון דיין האַרצען און
נאָך דעם װאָס דיינע אויגען זעהען ; אָבער װיים אַז
װעגען די אַלע זאַכען װעט דיך גאָט ברינגען פאַר
געריכט.
10 אין שאַף אָפּ ערגערנים פון דיין האַרצען ; און נעהם
אַװעק אונאַנגענעהמקייט פון דיין לייב ; דען קינד־
הייט און יוגענד זיינען בלויז אַ הויך (װאָס פאַר־
געהט).

קאַפּיטעל יב.

1 אָבער געדענק דיין באַשעפער, אין די טעג פון דיין
יוגענד, עהדער עס קומען אָן די שלעכטע טעג און
עס נעהנטערען זיך די יאָהרען פון װעלכע דו װעסט
זאָגען : איך האָב קיין הנאה ניט פון זיי.
2 עהדער די זונן און די ליכטיגקייט און די לבנה און די
שטערען װערען פינסטער, און די װאָלקען קומען
װידער נאָכ'ן רעגען ;
3 אין דעם טאָג װען עס טרייסלען זיך די װעכטערס פון
הויז, און די קריגס־לייט װערען געבויגען און די
מאָלערס שטעהען לעדיג װייל זיי זיינען װעניג, און
די קוקערס אין די פענסטער װערען דונקעל;

4 און די טהירען צו דער גאַס זיינען געשלאָססען; און ניד־
ריג איז דאָס געראויש פון דער מיהל; און ער, דער
(מענש) שטעלט זיך אויף פאַר דעם פּיפּין פון אַ
פויגעל; און איינגעבויגען זיינען אַלע טעכטער פון
געזאַנג;

5 און זיי (די מענשען) שרעקען זיך פאַר אַ (מינדסטע)
הויכקייט, און פאַר געפאַהרען אויפ'ן וועג; און עס
בליהט זיך פונאַנאַנדער דער מאַנדעל־בוים; און דער
היישעריק ווערט געדיכטער; און עס הערט אויף די
ליידענשאַפט; דען דער מענש געהט צו זיין אייביגען
היים, און די טרויערערס דרעהען זיך (שוין) אום אין
דער גאַס;

6 עהדער עס וועט צוריסען ווערען די זילבער־שנור, און
עס וועט צוקלאַפּט ווערען דער גילדערנער בעקען,
און עס וועט צובראָכען ווערען דער קרוג ביים
קוואַל, און עס וועט צושמעטערט ווערען דער ראָד
אויפ'ן ברונען,

7 און עס וועט זיך אומקעהרען דער שטויב צו דער ערד
ווי ער איז (אַמאָל) געווען, און דער גייסט וועט זיך
אומקעהרען צו גאָט וועלכער האָט איהם געשאָנקען.

8 נאַרישקייט פון נאַרישקייטען, זאָגט קהלת, אַלץ איז
נאַרישקייט. —

9 און אויסער וואָס קהלת איז געווען קלוג, האָט ער אויך

געלערענט דעם פאָלק קענשאַפט, און געוואויגען און
געפאָרשט און פערפאַסט פיעל שפּרוך־ווערטער.
10 געזוכט האָט קהלת אויסצוגעפינען נוצליכע זאַכען;
און עס איז ריכטיג אויפגעשריבען — ווערטער פון
וואַהרהייט.
11 די ווערטער פון די קלוגע זיינען ווי שפּיציגע שטאַנ־
גען; און ווי באַפעסטיגטע נעגעל — (די ווערטער
פון) די מענער פון די פאַרזאַמלונגען; זיי זיינען אַלע
געגעבען געוואָרען פון איין פאַסטוך. —
12 אָבער אויסער זיי, נעהם זיך אין אַכט מיין קינד:
מאַכען פיעל ביכער, האָט קיין ענד ניט, און פיעל
רייד איז בלויז אַ (אונניציגע) אַנשטרענגונג פון
קערפּער.
13 דאָס ענד פון דער זאַך, נאָך דעם ווי אַלץ איז געהערט
געוואָרען (איז): האָב מורא פאַר גאָט און היט זיינע
באַפעהלען דען דאָס איז (אויף דעם באַשטעהט) דער
גאַנצער מענש.
14 דען יעדע טהאַט וועט גאָט ברינגען פאַר געריכט,
אויך אַלצדינג וואָס איז פאַרבאָרגען, צי עס איז גוט
אָדער שלעכט.




# פאָלגענדע ביכער זיינען ערשיענען
# פון פערלאַג „יהואש"

נייע שריפטען פון יהואש, שען געבונדען:

ערשטער באַנד ........................ $1.00

צווייטער באַנד ........................ $1.00

ישעיה, איבערזעצט פון י ה ו א ש, שען געבונדען ..... $1.00

איוב, שיר השירים, רות, קהלת, איבערזעצט
פון י ה ו א ש, צוזאמען אין איין באַנד ....... $1.00

הייאַוואַטהאַ, איבערזעצט פון י ה ו א ש, שען געבונדען $1.00

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער.

---

Yehoash Publication Society

85 Canal Street New York

